# הילף פאַר אידען
# אויף יענער זייט ים

באַריכט פון „דזשאָינט"
פאַר דעם יאָהר 1941
און די ערשטע פינף
חדשים פון יאָהר 1942

אַרויסגעגעבען פון דער
דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע

סעפטעמבער 1942

# צו די לעזער

מיטן גאַנצען ערענסט רעקאָמענדירען מיר צו פאַרטיפען זיך אין דעם באַריכט, וואָס איז דאָ צוגעגרייט. זיין הויפּט־צוועק איז צו פאַרצייכענען יענע פאַקטען און ציפערען, וואָס די ביישטייערער צום „דזשאָינט" זיינען באַרעכטיגט צו האָבען. אָבער הינטער זיי וועט דער לעזער געפינען אַ מוסטער פון מוט און וויזיע, פון איבערגעבענהייט און אינטעליגענץ, וואָס האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם „דזשאָינט" אין משך פון די גאַנצע 28 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ.

דער „דזשאָינט" באַרימט זיך ניט מיט זיינע דערגרייכונגען, פונדעסטוועגען וועט דער סאַמע גלייכגילטיגסטער לייענער מוזען דערשפּירען צווישען די שורות פון דעם באַריכט, זיינע מערקווירדיגע דערגרייכונגען אין דער אַנוועזענהייט פון קריג און וועלט־איבערקערענדע געשעהענישען.

פון דעם באַריכט פון היינטיגס יאָהר וועט קלאָר ווערען, אַזוי האָפען מיר, אַז די אַרבייט איז געווען אין איינקלאַנג מיט די בעסטע „דזשאָינט"־טראַדיציעס ,וואָס זיינען באמת די בעסטע אידישע טראַדיציעס פון יענער סאָציאַלער גערעכטיגקייט, וואָס מוז טריאומפירען אין דער צוקונפטיגער וועלט.

מיר האָט אָפּגעגליקט דערמיט, וואָס זינט איך האָב זיך אָנגעשלאָסען אין דער אַרמיי פון די פאַראייניגטע שטאַטען, האַלט מען מיך אויף גאָווערנאָר'ס איילענד, נעבען ניו־יאָרק. כאָטש איך בין נאַטירליך שטאַרק פאַרנומען און איך קריג זייער ווינציג צייט אויף אורלויב, פונדעסטוועגען האָט זיך מיר איינגעגעבען צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט דער אַרבייט פון „דזשאָינט", מיט דער הילף פון טעלעפאָן, בריוו און דורך מיטינגען שפּעט אין די אָווענטען. נאַטירליך האָב איך ניט געקענט אָפּגעבען אַזוי פיל צייט צו די טאָג־טעגליכע פּראָבלעמען, ווי פריער. אָט־די לאַסט טראָגט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַ מאַן, וואָס איז שוין 25 יאָהר אין דינסט פון „דזשאָינט" אַלס בעאַמטער. איך מיין, פאַרשטייט זיך, מר. פּאָול בערוואַלד, עהרען־טשערמאַן, אָבער אַזוי אַקטיוו ווי שטענדיג אין דער „דזשאָינט"־אַרבייט און אין אַלע זיינע פּראָבלעמען.

עדוואַרד מ. מ. וואַרבורג, טשערמאַן.

# אַריינפיר

מיט 25 יאָרה צוריק, בעת דער „דזשאָינט" איז נאָך קיין דריי יאָהר ניט אַלט געווען, זיינען אין „דזשאָינט"־בולעטין פאַר אַפּריל, 1917, ערשינען די פאָלגענדע פאַראַגראַפען:

„בעת אָט־די ווערטער ווערען געשריבען, שיינט, דאָס קריג אָדער די זיכערקייט אַז מיר וועלען זיין אין קריג, האָט זיך שוין אויף אונז אַראָפּגעלאָזט. איצט איז נישט די צייט פאַר קיין מאַן אָדער פרוי אויסצומיידען דעם רוף צו פליכט, ניט אין דער נאַציאָנאַלער עמורדזשענסי, וואָס שטייט פאַר אונז, און ניט אין דעם ברייטען פעלד פון אינטערנאַציאָנאַלען אומגליק, וואָס האַלט זיך נאָכאַנאַנד אין אויסברייטערען און וואו עלענד, הונגער און טויט שלינגען איין וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערע צאָל קרבנות.

„דער אַריינטריט פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין קריג וועט מאַכען נאָך מעהר דרינגענד ווי פריער די נויטיגקייט צו ברענגען טרייסט צו די אומגליקליכע אידען אין יעדען לאַנד . . . די ערשטע צו איבער־טראָגען אויף זייערע פּלייצעס דעם אַנגריף פון יענע באַדינגונגען, פאַר וועלכע זיי זיינען בשום אופן ניט פאַראַנטוואָרטליך, וועלען זיין אונזערע ברידער . . . זאָל קיין מענטש ניט אַ קלער טאָן אַפּילו, אַז די מלחמה וועט ניט דערלאָזען צו ברענגען הילף צו די, וואָס נויטיגען זיך אין איר. מען האָט געמאַכט אַראַנדזשמענטס אויף צו פאַרטיילען די געלדער, וואָס מען וועט אויפזאַמלען, כדי ווייטער אָנצופירען אויף אַ טיכטיגען אופן די הילפס־אַרבייט אין אַלע באַטראָפענע לענדער."

דריי חדשים שפּעטער, אין יולי, 1917, ערקלערט דער „בולעטין":

„איצט איז דער „דזשאָינט" אין אַ לאַגע צו ענטפערען גענוי אויף די אָנפראַגען, וואָס זיינען אָנגעקומען צו אים פון אַלע עקען פון לאַנד, ווי אַזוי מען וועט, נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַריין אין קריג, פאַרטיילען די רעליף־געלדער צו די נויטליידענדע אין יענע לענדער, וואָס זיינען אָקופּירט געוואָרען פון די צענטראַלע אימפּעריעס . . .

„דער אַמעריקאַנער סטייט־דעפּאַרטמענט האָט אַראַנזשירט, אַז מען זאָל קענען איבערשיקען די פאָנדען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט אויפ־געזאַמעלט, דורך דעם האָלענדישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן צו איר מאַיעסטעט, דער קעניגין פון האָלאַנד. די האָלענדישע רעגירונג, ווען זי וועט ערהאַלטען די פאָנדען, וועט דאָס געלט איבערשיקען ווי מען האָט עס אויסגעטיילט, צו אירע דיפּלאָמאַטישע פאַרשטייער אין די פאַרשיידענע לענדער, און זיי וועלען שוין דאָס געלט איבערגעבען צו די אָרטיגע קאָמיטעטען פון „דזשאָינט" אין יעדען לאַנד אין די סכומים פאַר יעדער שטאָט און שטעטל, וואָס דער האָלענדישער אידישער קאָ־מיטעט, וועלכער איז פאַר דעם צוועק באַשאַפען געוואָרען, וועט באַשטי־מען.

„אָט־די אַראַנדזשמענטס פאַר דער צייט, וואָס די מלחמה וועט דויע־רען, ווישען אָפּ אַלע ספקות מכח דעם, ווי אַזוי די פאָנדען וועלען פאַר־טיילט ווערען . . ."

די פילע טרעפליכע ענליכקייטען צווישען דער מלחמה־ערפאַרונג פון „דזשאָינט" מיט אַ פערטעל יאָהרהונדערט צוריק און זיין איצטיגער מלחמה־טעטיגקייט שפּיגלען זיך אָפּ אין אַן ערקלערונג, וואָס עדוואַרד מ. מ. וואַרבורג, דער טשערמאַן פון „דזשאָינט", האָט אַרויסגעשיקט צו די אַמעריקאַנער אידישע פירער דעם 14־טען דעצעמבער, 1941 — פונקט אַ וואָך נאָך דעם ווי דער איבער־פאַל אויף „פּירל האַרבאָר" האָט אַריינגעשטויסען אַמעריקע אין קריג. די מע־טאָדען זיינען פאַרשיידען, אָבער דער טאָן איז דער זעלביגער:

„זינט די מלחמה איז ערקלערט געוואָרען, האָבען די בעאַמטע פון „דזשאָינט" זיך געהאַלטען נאָכאַנאַנד אין באַראַטען. מיר זיינען גע־שטאַנען אין טעלעגראַפישער און טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט די מערסטע פון אונזערע בעאַמטע אין אויסלאַנד, איינשליסענדיג שאַנכאַי,

און דורכגעפירט די נויטיגע אַראַנדזשמענטס אויף פּאַרצוזעצען די לעבענס־נויטיגע הילפס־אַרבייט און פּליכטלינג־שטיצע.

„נאָך מיט איבער אַ יאָהר צוריק, פּאַראויספילענדיג די מעגליכקייט פון אַן עמוירדזשענסי־לאַגע, אַזאַ, ווי מיר האָבען איצט, וואָס קאָן אָפּשניידען די פאַרבינדונגען צווישען אונזער ביוראָ און די קאָמיטעטען אויף יענער זייט ים, האָט דער „דזשאָינט" אויסגעאַרבייט פּלענער, וואָס פאַרזיכערען, אַז די הילפס־אַרבייט זאָל ניט אָפּגעשטעלט ווערען פּלוצלינג אָדער ערענסט באַשעדיגט ווערען. ניט לאַנג צוריק, ביי אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט $1,500,000 אויף אָט־דעם צוועק. אָט־די סומע ווערט פאַררעכענט אויפן חשבון פון אונזער איינקונפט פאַרן יאָהר 1942, און די ערשטע זאַמלונגען פון דעם קומענדיגען יאָהר דאַרפען אָט־די סומע דעקען. די אָרטיגע אידישע קאָמיטעטען אויף יענער זייט ים האָט מען געמאָלדען, אַז זיי מעגען באַרגען געלט פון לאָקאַלע קוואַלען מיט דער פאַרזיכערונג, אַז דער „דזשאָינט" וועט אָפּצאָהלען אָט־די הלוואות, ווען מען וועט דאָס קענען טאָן אַזוי, אַז מען זאָל דערביי ניט העלפען דעם שונא. פּונקט אַזוי האָט דער „דזשאָינט" געהאַנדעלט אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט אָנגעפירט זיין אַרבייט אונטער די זעלביגע באַדינגונגען.

„דער „דזשאָינט" האָט ערפאַרענע און קאָמפּעטענטע קאָמיטעטען, וואָס פונקציאָנירען אין אַ סך ערטער פון דעם קריגס־זאָן. מיר ערוואַרטען, אַז די פירער פון אָט־די אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס וועלען ווייטער דורכפירען אָט־די נויטיגע הילפס־אַרבייט מיט דער זעלביגער איבערגעבענהייט און זעלבסט־אָפּפערונג, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען ביז איצטער. אונזער 27־יאָהריגע ערפאַרונג וועט איצטער שטאַרק אויסגענוצט ווערען. מען ערוואַרט, אַז ווען די ערשטע צורודערונג פון דער איצטיגער לאַגע וועט שוואַכער ווערען, וועלען די באַדינגונגען זיך סטאַביליזירען גענוג, אַז די אָרטיגע קאָמיטעטען זאָלען קענען ווירקזאַם פונקציאָנירען. אין דער זעלביגער צייט ווערט די אַרבייט פון „דזשאָינט" ווייטער פאָרגעזעצט אין אַנדערע לענדער, ווי דאָס ניט־אָקופּירטע פראַנקרייך, פּאָרטוגאַל, שפּאַניע, די שווייץ, טערקיי, צפון־אַפריקע און אין נאָך ערטער, פּונקט אַזוי ווי ביז איצט.

„אין צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע, וואו דער „דזשאָינט" האָט געאַרבייט אין 18 לענדער, וועט אונזער פּראָגראַם דאַרפען באַדייטענד פאַרגרעסערט ווערען.

„מען דאַרף קוים באַטאָנען, אַז איצט, ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועט די גאַנצע אַרבייט פון „דזשאָינט" אָנגעפירט ווערען אין איינקלאַנג מיט די פּאָליסים און פאָרשריפטען פון אונזער רעגירונג. עס וועט בשום אופן ניט דערלאָזט ווערען, אַז דער שונא זאָל געניסען פון אונזערע פאָנדען, ניט דירעקט און ניט אומדירעקט."

קלאָר, אַז דער אַריינטריט פון אַמעריקע אין קריג האָט ניט געטראָפען דעם „דזשאָינט" ניט־צוגעגרייט. בעת אָט־דער באַריכט ווערט געשריבען, זיינען שוין אַוועק איבער זעקס חדשים זינט „פּוירל האַרבאָר". דער רעקאָרד פון דער „דזשאָינט"־אַרבייט אין משך פון אָט־די זעקס חדשים איז דער סאַמע איבערצייגענדסטער באַוויז פון זיין פעהיגקייט פאָרצוזעצען דאָס פּראָגראַם פון

העלפֿען די נויטלײדענדע אידען אויף יענער זייט ים — אַ פּראָגראַם, וואָס דער־האַלט יענע אידען פּשוט ביים לעבען...

אין יענע זעקס חדשים האָט דער „דזשאָינט" אויסגעגעבען $3,415,000, אָדער $131,000 יעדע וואָך.

אין יענע זעקס חדשים האָט ער דורך אַן אויסערגעוועהנליכער אָנשטרענגונג מעגליך געמאַכט אַרויסצוראַטעווען 5,000 מענער, פרויען און קינדער פון איירָאָפּע.

אין יענע זעקס חדשים האָט ער אָנגעפאַנגען אַ פּראָגראַם פון שיקען מעדי־קאַמענטען און קאָנצענטרירטע שפּייזען כדי צו העלפען פילע פון די צוויי מיליאָן פוילישע פליכטלינגע, וואָס 600,000 פון זיי זיינען אידען, אין דעם אַזיאַטישען רוסלאַנד.

אין יענע זעקס חדשים האָט ער געבראַכט הילף אויף פאַרשיידענע אופנים צו 60,000 פליכטלינגע אין דעם ניט־אָקופּירטן פראַנקרייך.

אין יענע זעקס חדשים האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט צו געבען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב הילף צו די פליכטלינגע אין דער שווייץ, אין שוועדען, אין פּאָרטוגאַל, אין שפּאַניע, און אין צפון־אַפריקע.

אין יענע זעקס חדשים האָט ער אויסגעברייטערט און פאַרשטאַרקט זיין אַרבייט צו העלפען די 123,000 פליכטלינגע אין דער לאַטיינישער אַמעריקע אַריינגעזאַפּט צו ווערען אין דעם לעבען פון זייערע נייע היימלענדער.

און אין יענע זעקס חדשים האָט ער געמאַכט אַלע פאָרבאַרייטונגען, אַז מען זאָל נאָך דער מלחמה קענען אָפּצאָלען די חובות אויף אַ סומע פון אָנדערטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר, וועלכע וועלען העלפען פאָרזעצען די הילפס־אַרבייט, וואָס די אָרטיגע קאָמיטעטען פירען אָן אין די לענדער, וואָס דער שונא האָט פאַרכאַפּט.

אָט־דער באַריכט פאַרצייכענט אויך די „דזשאָינט"־אַרבייט אין משך פון דעם יאָהר 1941 — אַ יאָהר ווען דער „דזשאָינט" האָט אויסגעגעבען $5,965,300 אין 52 לענדער איבער פינף קאָנטינענטען. אין יענעם יאָהר האָט דער „דזשאָינט" געבראַכט דירעקטע הילף צו ניט ווייניגער ווי 950,000 מענטשען.

מען קאָן קוים זאָגען, אַז אָט־דער באַריכט שליסט איין די פילע פּראָבלע־מען, וועלכע דער „דזשאָינט" האָט באַגעגענט און זיי געמוזט בייקומען, כדי צו דערגרייכען אָט־די איינדרוקספולע רעזולטאַטען, וועגען וועלכע דער לעזער וועט געפינען דעטאַלען ווייטער.

אַ פּאָר ביישפּילען וועלען אילוסטרירען דעם כאַראַקטער זייערען:

דעם 14־טען יוני, האָט דער טרעזשורי־דעפּאַרטמענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען פאַרפרוירען דאָס גאַנצע פאַרמעגען אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַלע „אַקס"־פעלקער און פון זייערע בירגער, ווי אויך דאָס פאַרמעגען פון גע־וויסע נייטראַלע לענדער. פאַקטיש האָט דאָס באַרירט יעדעס לאַנד אין איי־ראָפּע. מען האָט שוין מעהר ניט געקאָנט שיקען קיין דאָלאַרען אָדער קיין אַנ־

דער וואַלוטע אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש פון טרעזשורי־דעפּאַרטמענט. באַ־
אַמטע פון „דזשאָינט" זיינען גלייך אַוועקגעפאָרען קיין וואַשינגטאָן, כדי אויסצו־
אַרבייטען מיט די באַאַמטע פון טרעזשורי־דעפּאַרטמענט די שריט, וואָס זיינען
נויטיג אויף פאָרצוזעצען די אַרבייט פון „דזשאָינט". מען האָט געבעטען ער־
לויבענישען און מען האָט זיי באַוויליגט. די באַציאונג פון דעם טרעזשורי־
דעפּאַרטמענט איז געווען דורכגעדרונגען מיט סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש.
אין פאַלען פון „עמוירדזשענסי" האָט מען ערקלערט צום טרעזשורי־דעפּאַרטמענט
די לאַגע, און מען האָט דעם „דזשאָינט" כמעט גלייך געגעבען אַן ערלויבעניש
פאַר דעם נויטיגען געלט.

די דייטשע אינוואַזיע אויף רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דעם 22־טען
יוני, 1941, האָט גלייך אַוועקגעשטעלט אין דער גרעסטער סכנה הונדערטער
טויזענטער ציווילע מענטשען אין דעם רוסיש־אָקופּירטען טייל פון פּוילען,
וועלכע זיינען אַנטלאָפען אָדער מען האָט זיי עוואַקואירט פון די פראָנטען. צוזאַ־
מען מיט די אַנדערע פּוילישע בירגער, וועלכע זיינען שוין געווען אין רוסלאַנד,
ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, געפינען זיך שוין אומגעפעהר צוויי מי־
ליאָן מענטשען און צווישען זיי 600,000 אידען אין די פאַרשיידענע טיילען פון
אַזיאַטישען רוסלאַנד. עס איז געווען זעהר שווער איינצושטעלען פאַרבינ־
דונגען מיט זיי, ווייל אין אַ סך פאַלען ווען מען האָט געשיקט די פליכטלינגע
זיינען ניט געווען קיין מעגליכקייטען מיט זיי צו קאָמוניקירען. עס איז געווען
זעהר שווער צו האַנדלען מיט אַלע, ווי מיט אַן איינהייט, ווייל צווישען איין
גרופּע און אַ צווייטער ליגען טויזענטער מיילען. וועגען צוגאַנג צו אָט־דעם
פּראָבלעם אין קאָאָפּעראַציע מיט דער פּוילישער רעגירונג־אין־גלות וועט דער
לעזער געפינען מעהר אינפאָרמאַציע ווייטער.

נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַריין אין קריג און געוויסע לאַטיין־אַמעריקאַנישע
רעפּובליקען האָבען אויך ערקלערט קריג קעגן די „אַקס"־לענדער, איז אויפ־
געקומען די דעליקאַטע פראַגע וועגען דעם סטאַטוס פון פליכטלינגע אַלס ביר־
גער פון פיינטליכע לענדער. דער פאַקט, אַז אין אַ סך לאַטיין־אַמעריקאַנישע
לענדער געניסען אַנטי־נאַצי פליכטלינגע די זעלביגע ליבעראַלע באַהאַנדלונג
ווי אין די פאַראייניגטע שטאַטען, שטאַמט אין אַ גרויסער מאָס פון דער ווייטזיכ־
טיגקייט און פון דער מענטשליכקייט פון יענע רעגירונגען, ווי אויך פון דער גלענ־
צענדער רעפּוטאַציע וואָס די לאָקאַלע הילפס־קאָמיטעטען פאַר פליכטלינגע,
וועלכע קאָאָפּערירען מיט דעם „דזשאָינט", האָבען זיך ערוואָרבען. דער פאַקט,
וואָס דער „דזשאָינט", אַן אַמעריקאַנער הילפס־אָרגאַניזאַציע, האָט נאָכאַנאַנד
געשיקט פאַרשטייער צו אַרבייטען מיט די לאַטיין־אַמעריקאַנישע קאָמיטעטען
קען אויך באַטראַכט ווערען אַלס פאַקטאָר, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגען צו
אָט־דער פאַרשטענדעניש.

# דער פינאַנציעלער רעקאָרד

אין 1941, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט $5,965,300; אין די ערשטע פינף חדשים פון 1942 האָט ער באַוויליגט $3,320,350, אָדער אַ סומע פון $9,285,650 פאַר דעם צייט־אָפּשניט פון 17 חדשים. אין דעם יאָהר 1941 האָט דער „דזשאָינט" אַריינגעקראָגען אַן איינקונפט פון $6,041,300; וואָס זיין גאַנצער איינקונפט וועט זיין אינ'ם יאָהר 1942 ווייסט מען ניט.

אָט־דאָס זיינען די קאָנטורען פון דעם פינאַנציעלען רעקאָרד פאַר דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ. אַרום זיי איז אַרומגעוועבט אַ זעהר אינטערעסאַנטע געשיכטע.

נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע פון דעם „דזשאָינט" זיינען זיינע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס ניט געווען אַזוי קאָמפּליצירט, ניט אָנגערירט אַזוי פיל רעגירונגס־פאַראָרדענונגען, ניט געפאָדערט אַזוי פיל צוגרייטונג און אויפמערקזאַמקייט, ווי אין משך פון אָט־דער צייט. די פאַראָרדענונגען פון קריגס־צייט, וועלכע זיינען געקומען נאָך דעם 7־טען דעצעמבער, 1941, האָבען נאַטירליך דעם ענין מעהר קאָמפּליצירט. יעדע פינאַנציעלע טראַנסאַקציע האָט געמוזט האָבען די ערלויבעניש פון דעם טרעזשורי־דעפּאַרטמענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען. צוליב איניגע פון די מעהר קאָמפּליצירטע טראַנסאַקציעס האָט מען געמוזט פאָרען קיין וואַשינגטאָן און זיך פאַרבינדען מיט דער „פעדעראַל רעזערוו באַנק" אין ניו־יאָרק. דערצו נאָך האָט מען געמוזט צוגרייטען ספּעציעלע באַריכטען פאַר די רעגירונגס־אַגענטורען. עס זיינען געווען צווישען אַנדערע:

1) דערגאַנץ־באַריכטען צום טרעזשורי־דעפּאַרטמענט מיט אַ גענויעם חשבון פון יעדער גאַנצער טראַנסאַקציע.

2) געוויסע פאָרם־פּאַפּירען, וואָס מען האָט געדאַרפט אויספילען ביים טרעזשורי־דעפּאַרטמענט און אָנווייזען די סומען, וואָס מען האָט אויסגעצאָלט אָדער געהאַלטען פאַר בירגער, וועמעס פאַרמעגען ס'איז בלאָקירט געוואָרען.

3) גענויע פאָרם־פּאַפּירען, וואָס מען האָט געדאַרפט אויספילען מיט דעם שטייערן־דעפּאַרטמענט פּשוט צוליב רעגיסטראַציע־צוועקען.

4) ערקלערונגען אויף איבערגעבען צו דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דעם „סטייט־דעפּאַרטמענט", וואו מען האָט אָנגעוויזען, ווי אַזוי עס זיינען אויסגעגעבען געוואָרען די געלדער פאַר געוויסע טיפּען פון רעליף פאַר די נויטליידענדע אין לענדער, וואָס זיינען אין קריג.

5) חודש׳ליכע באַריכטען צו דעם פּרעזידענט׳ס קאָמיטעט פאַר מלחמה רעליף־אָרגאַניזאַציעס. די באַריכטען האָבען געדאַרפט דעקען געוויסע טיפען הוצאות אין לענדער, וואָס געפינען זיך נישט אין קריג.

די נויטיגקייט זיך צו באַזאָרגען מיט אַן ערלויבעניש פון טרעזשורי־דעפּאַרטמענט צו שיקען געלט אין אויסלאַנד, און דאָס האָט געמיינט כמעט גאַנץ אייראָפּע, האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יוני, 1941, ווען מען האָט אין די פאַראייניגטע שטאַטען אויף דעם באַפעהל פון דעם פּרעזידענט פאַרפרוירען דאָס גאַנצע פאַרמעגען פון אַלע „אַקס״־לענדער און פון אַלע לענדער וואָס זיינען אָקופּירט פון דער „אַקס״, אָדער דאָמינירט פון איר. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט דעם „דזשאָינט״ צו אַרבייטען אין אָט־די לענדער ביז דער צייט, ווען אַמעריקע אַליין איז אַריין אין דער מלחמה, ווייל דער „דזשאָינט״ האָט אין משך פון אַ סך יאָהרען זיך געהאַלטען ביי דער פּאָליסי, אַז מען דאַרף ניט שטיצען די ווירטשאַפט פון די „אַקס״־לענדער דורך שיקען אַהין דאָלאַרען.

אָט־די פּאָליסי האָט דער „דזשאָינט״ דורכגעפירט דורך אַ מעטאָדע, וואָס איז באַזירט אויף עמיגראַציע־„קלירינג״, וואָס האָט געאַרבייט אַזוי:

די עמיגראַנטען וואָס האָבען געדאַרפט אַרויספאָרען פון דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילען אָדער לוקסעמבורג, פלעגען אַריינטראָגען זייער אָרטיגע וואַלוטאַ צו די הילפס־קאָמיטעטען, דורך וועלכע דער „דזשאָינט״ האָט געאַרבייט. אָט־די וואַלוטאַ איז פאַרבליבען ביי יענע קאָמיטעטען אויף אָנצופירען די הילפס־אַרבייט אין יענע לענדער, און דער „דזשאָינט״ האָט באַזאָרגט אַמעריקאַנער דאָלאַרען פאַר אָט־די מענטשען, אַז זיי זאָלען קענען פאָרען מעבר לים. די דאָלאַרען פלעגען אויסגעצאָלט ווערען צו פאַרשיידענע שיפס־געזעלשאַפטען פון אַמעריקע אָדער פון אַנדערע נייטראַלע לענדער, אַזוי, אַז די דאָלאַרען זיינען קיינמאָל ניט אַריינגעקומען אין די הענט פון די דייטשען אָדער פון די איטאַליענער.

פאַר פּוילען איז די זעלביגע סיסטעם געווען אַ ביסעל מאָדיפיצירט. פון פּוילען זיינען ניט געפאָרען קיין עמיגראַנטען. כדי צו באַזאָרגען די הילפס־קאָמיטעטען אין פּוילען מיט אָרטיגער וואַלוטאַ, האָט דער „דזשאָינט״ אויסגעלייגט דאָלאַרען אויף דעם פריערדיגען שטייגער פאַר נאָך אַ צאָל עמיגראַנטען, וואָס די דייטשע, עסטרייכישע און פּראַגער אידישע קאָמיטעטען האָבען באַשטימט, און דאָס געלט, וואָס אָט־די עמיגראַנטען האָבען אַהין אַריינגעטראָגען, האָט מען אויסגעביטען אויף זלאָטעס און די זלאָטעס איבערגעשיקט צום צענטראַלען „דזשאָינט״־קאָמיטעט אין פּוילען פאַר דער דאָרטיגער הילפס־טעטיגקייט.

אין געוויסע אַנדערע לענדער איז די „קלירינג״ פאָרגעקומען אַזוי: מענטשען האָבען אַריינגעטראָגען אָרטיגע וואַלוטאַ צו די קאָמיטעטען און דער „דזשאָינט״

האָט אויסגעצאָלט דעם עקוויוואַלענט פון אָט דער וואַלוטאַ אין דאָלאַרען צו געוויסע פערזאָנען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס איז געטאָן געוואָרען מיט דער ערלויבעניש פון דעם טרעזשורי־דעפּאַרטמענט.

פון יוני, 1941, ווען מען האָט געמוזט אָנהויבען אַרויסנעמען ערלויבע־נישען פון דעם טרעזשורי־דעפּאַרטמענט, ביז סוף מאַי, 1942, האָט דער „דזשאָינט" געקראָגען ערלויבענישען אויף איבערצושיקען אַ סומע פון $6,645,000. פון אָט־דער סומע האָט דער „דזשאָינט" געקראָגען אַן ערלויבעניש אויף אַרויסצו־שיקען $3,403,000 שוין נאָכדעם, ווי די פאַראייניגטע שטאַטען זיינען אַריין אין קריג.

אין אָנפאַנג 1941, האָבען די בודזשעט־אַפּליקאַציעס, וואָס זיינען אָנגעקומען צום „דזשאָינט" פון זיינע פאַרשיידענע קאָמיטעטען, וועלכע פירען אָן הילף־ און אויפבוי־אַרבייט אין 52 לענדער איבער גאָר דער וועלט, באַטראָפען כמעט 13 מיליאָן דאָלאַר בלויז פאַר דער ערשטער העלפט פון דעם יאָהר. עס איז געווען קלאָר, אַז עס איז אוממעגליך אויפצוזאַמלען אַזאַ סומע אַפילו אין משך פון דעם גאַנצען יאָהר 1941. דער איינציגער פיקסירטער איינקונפט, וועגען וועלכען דער „דזשאָינט" האָט געוואוסט, איז געווען די סומע וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַרן „דזשאָינט" פון די ערשטע געלדער, לויט דעם אָפּמאַך מיטן „פאַראייניגטען אידישען אַפּיל" פאַרן יאָהר 1941. עס איז געווען אוממעגליך פאָראויסצוזעהן דעם גאַנצען איינקונפט פון דעם „פאַראייניגטען אידישען אַפּיל" פאַרן יאָהר 1941, און פאַרשטייט זיך דעם גאַנצען איינקונפט פון דעם „דזשאָינט" פאַרן יאָהר 1941.

אונטער די אומשטענדען האָבען די מיטגלידער פון דעם בודזשעט־ און פינאַנץ־קאָמיטעט פון „דזשאָינט" געהאַט גרויסע שוועריגקייטען צו באַשטימען ווי ווייט זיי קענען גיין אויף צו באַגעגענען די פּילע, דרינגענדע פאָדערונגען פון דער גאַנצער וועלט און דערביי ניט צו־פיל איבערשטייגען דעם מעגליכען איינקונפט. עס איז געווען שווער צו עטאַבלירען אַ מאָס לויט דער פאַרגאַנגענ־הייט, ווייל די רעזולטאַטען פון די צוויי פריערדיגע יאָהר זיינען זעהר שטאַרק פאַרשיידען. בעת אין דעם יאָהר 1939 האָט דער „פאַראייניגטער אידישער אַפּיל" אָפּיציעל באַשטימט פאַרן „דזשאָינט" $8,650,000 (פון דער סומע האָט דער „דזשאָינט" ביז איצט דערהאַלטען בלויז $7,900,000), האָט דער „פאַראייניגטער אידישער אַפּיל" אינ'ם יאָהר 1940 אויפגעזאַמעלט אַ סך ווינציגער ווי אין 1939, און דער „דזשאָינט" האָט אין דעם יאָהר 1940 געקראָגען מיט אַ דריטעל ווינצי־גער ווי אין 1939, אָדער $6,050,000.

מען קען זעהר פיל שרייבען וועגען די אורזאַכען, וואָס האָבען געבראַכט צו אָט־די ענדערונגען. און דער בודזשעט־ און פינאַנץ־קאָמיטעט און די עקזע־קוטיוו־קאָמיטעט פון „דזשאָינט" האָבען גענוי שטודירט אָט־די אַלע פאַקטאָרען, כדי זיי זאָלען קענען אַקוראַט באַשטימען ווי פיל געלט מען קאָן אויסגעבען אויף הילף אין משך פון דעם יאָהר 1941. ביים סוף יאָהר האָט דער „דזשאָינט" געהאַט באַשטימט $5,965,300. די פאַרפליכטונגען זיינען געמאַכט געוואָרען

פאַר יעדען חודש באַזונדער, כדי מען זאָל שטענדיג נעמען אין באַטראַכט די אומשטענדען, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין איין ענדערען.

ווען דער „דזשאָינט" האָט געשלאָסען זיינע ביכער פאַרן יאָהר 1941, איז די לאַגע געווען אַזאַ:

| | | |
|---|---|---|
| נעט דעפיציט דעם 1־טען יאַנואַר, 1941 | | $265,088.94 |
| נעט איינקונפט פאַר 1941: | | |
| א) די ערשטע איינטיילונג פאַר 1941, לויטן אָפּמאַך מיטן „פאַראייניגטען אידישען אַפּיל" | $4,275,000.00 | |
| ב) דער פאַרטייל־קאָמיטעט האָט נאָכדעם באַשטימט פאַרן „דזשאָינט" נאָך | 1,556,250.00 | |
| ג) אַנדערע נעט־איינקונפטען (קאַנאַדאַ, דרום־אַמעריקע, א. אַ. וו.) | 210,046.66 | |
| סך הכל איינקונפט | $6,041,296.66 | |
| נעט אויסגאַבען | 5,965,300.00 | |
| דער איבערפלוס פון איינקונפט איבער די הוצאות פאַרן יאָהר 1941 | | 75,996.66 |
| נעט דעפיציט דעם 31־טען דעצעמבער, 1941 | | $189,092.28 |

ביים אָנפאַנג יאָהר 1942 איז אַמעריקע שוין געווען אין דער מלחמה און דער „דזשאָינט" האָט געהאַט אַ חוב פון אַנדערטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר אויף זיינע ביכער אַלס רעזולטאַט פון די פאַרפליכטונגען, כדי מען זאָל קענען ווייטער פירען די אַרבייט אין לענדער, וואָס זיינען אָקופּירט פונ'ם שונא.

אַ־חוץ דער סומע פון אַנדערטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר, וואָס מען האָט שוין אויף זיך גענומען צו באַצאָלען, האָט דער „דזשאָינט" ערהאַלטען בקשות אויף אַ סומע פון $3,574,410 פאַר דער ערשטער העלפט פון דעם יאָהר פון קאָמיטעטען אין לענדער, וואָס שטייען נאָך ניט אין קריג און וואו עס איז נאָך אַלץ מעגליך געווען צו אַרבייטען דירעקט.

סוף מאַי, האָט די עקזעקוטיוו־קאָמיטע שוין גוט־געהייסען צו באַוויליגען אַ סומע פון $3,320,350 פאַר די ערשטע פינף חדשים פון דעם יאָהר 1942, איינשליסענדיג די התחיבות פאַר די אַנדערטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר.

אונטער דעם אָפּמאַך מיט דעם „פאַראייניגטען אידישען אַפּיל" פאַרן יאָהר 1942, באַקומט דער „דזשאָינט" $4,525,000 אויף זיין חלק פון די ערשטע $9,100,000. עס איז נאָך צו־פרי צו זאָגען, וואָס פאַר אַ סומע געלט דער „פאַראייניגטער אידישער אַפּיל" וועט אויפזאַמלען אין משך פונ'ם יאָהר 1942. דער פאַרטייל־קאָמיטעט וועט זיכער האָבען אַ היבשע סומע געלט אויף צו פאַרטיילען.

# לאַנד נאָך לאַנד

צו באַשרייבען גענוי די גרויזאַמע טראַגעדיעס און אומגליקען, וואָס זיינען באַפאַלען די אידען אין משך פון דעם יאָהר 1941 און אין די ערשטע פינף חדשים פון 1942, וואָלט געפאָדערט זעהר אַ סך פלאַץ. דער טאָן פאַר ברוטאַליטעט איז געגעבען געוואָרען אין אָנפאַנג 1941, ווען די פּאָגראָמען פון דער אייזערנער גוואַרדיע אין רומעניע האָבען געבראַכט טויט און חורבן אויף די דאָרטיגע אידען. אַ צווייטע צרה — דעפּאָרטאַציעס — איז געקומען אין פעברואַר פונ׳ם יאָהר 1941 בעת מען האָט געכאַפּט 5,000 עסטרייכישע אידען און זיי אָנגעלאָדען ווי פיה אויף פיה־וואַגאָנען און מען האָט זיי פאַרשלעפּט קיין פּוילען. אין 17 חדשים צייט האָט מען פון גרויס־דייטשלאַנד, אונגאַרן און רומעניע אַרויסגעטריבען אויף מזרח 125,000 אידען.

קיין איין חודש איז ניט אַריבער אָן עפּעס אַ פרישער קאַטאַסטראָפע פאַר גרופּעס אידען אין די סכנה־געגענטען. אַלע האָבען זיי געליטען, ווער מעהר, ווער ווייניקער. די אידען, וואָס זיינען ווי אין אַ פאַסטקע, פאַרכאַפּט געוואָרען אין פּוילען, האָבען אויף זייער חלק איבערגעטראָגען אפשר די סאַמע ביטערסטע צרות. זיי האָט מען פאַרשפּאַרט צווישען הויכע געטאָ־מויערען, סיסטעמאַטיש אויסגעהונגערט, אָן שוץ פון געזעץ, די יוגענט פאַרשלעפּט אין אַרבייטס־באַטאַליאָנען, די קינדער בלאָנקען זיך אַרום איבער די גאַסען, די קראַנקע קרעכצען און קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום; איז דען אַ חידוש, וואָס די שטערבליכקייט האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 20 מאָל אַזוי פיל, ווי זי איז געווען פאַר דער מלחמה!

באַריכטען פון ריזיגע אויסשלאַכטונגען פון גאַנצע אידישע קהלות אין אַזעלכע שטעט, ווי ווילנע און קיעוו, זיינען כמעט צו שוידערליך, אַז מען זאָל דערין גלויבען.

אין אַנדערע געגענטען אין אייראָפּע ווערען די אידען אונטערדריקט דורך געזעצען און עקאָנאָמישע מיטלען. באַזונדערס אין פראַנקרייך, וואו עס פאַר־ציט זיך אַלץ שטאַרקער דער שטריק פון די אַנטי־אידישע געזעצען, זיינען טוי־זענטער אידישע פאַמיליעס אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון באַשעפטיגונג. טוי־זענטער אידען, פרעמד־געבוירענע, זיינען פאַרשיקט געוואָרען אין די אַרבייטס־באַטאַליאָנען און פיל פליכטלינגע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרען אין תפיסות.

אַרום און אַרום איז דאָס אַ רעקאָרד פון איין גרויסען חורבן, פון טויט און פאַרצווייפלונג. פונדעסטוועגען האָט זיך דעם „דזשאָינט” איינגעגעבען, ווי די ווייטערדיגע שורות וועלען דאָס באַווייזען, צו ברענגען הילף און האָפענונג צו הונדערטער און טויזענטער פון אָט־די נויטליידענדע. ניט אַלעמען האָט מען געקאָנט דערגרייכען. אָבער צו אַ סך מענטשען האָט מען אויסגעשטרעקט אַ

העלפענדע האַנט, כדי זיי אויפצוהאַלטען ווי אַ צעל, אַרום וועלכע די אידישע געמיינדעס אויף יענער זייט ים זאָלען קענען ווידער אַמאָל אויפגעבויט ווערען נאָך דער מלחמה.

אין די ווייטערדיגע טיילען פון דעם באַריכט, וועט דער לעזער געפינען אַ רעקאָרד פון די סומען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט אויסגעגעבען אין משך פון דעם יאָהר 1941 און די ערשטע פינף חדשים פון 1942 אויף ספעציעלער הילפס־אַרבייט אין ספעציעלע לענדער.

אָט־דער באַריכט דעקט אַ צייט־אָפשניט פון 17 חדשים. אין משך פון די ערשטע עלף חדשים — פון יאַנואַר, 1941, ביז סוף נאָוועמבער, 1941 — זיינען די פאַראייניגטע שטאַטען געווען נייטראַל. דער „דזשאָינט" האָט געקאָנט, ניט שטיצענדיג די ווירטשאַפט פון די „אַקס"־לענדער, ברענגען שטיצע דירעקט צו די קרבנות פון נאַציזם אין די „אַקס"־לענדער און אין די אָקופּירטע לענדער.

אין משך פון די ווייטערדיגע זעקס חדשים, נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַריין אין קריג, האָט דאָס געזעץ ווענען האַנדלען מיטן שונא פאַרבאָטען אַלע אַמע־ריקאַנער צו האַנדלען אָדער צו האָבען פאַרבינדונגען, דירעקטע אָדער אומדי־רעקטע, מיט פּערזאָנען אין פיינטליכע לענדער אָדער אין לענדער אָקופּירט פון דעם שונא. כאָטש די אָרטיגע הילפס־פּראָגראַמען ווערען פאָרגעזעצט אין אַ סך פון אָט־די לענדער צוליב דעם וואָס דער „דזשאָינט" האָט זיך פאַרפּליכטעט אָפּצוצאָלען די חובות, וואָס מען וועט מאַכען אויף די ערטער, ווען עס וועט מעגליך זיין אַזוי צו טאָן און דערביי ניט העלפען דעם שונא, — דאָך מוזען אָט־די געגנטען, לכל הפּחות דערווייל, באַטראַכט ווערען ווי אָפּגעשלאָסען פאַר „דזשאָינט"־הילף. די פאָנדען אויף גוט־צו־מאַכען די איצטיגע התחיבות ווערען דערווייל אַוועקגע־לייגט אויף אַ זייט. אונטער די אומשטאַנדען, ווערט דער באַריכט, וואָס מיר דרוקען דאָ, איינגעטיילט אין צוויי טיילען: אַליאירטע אָדער נייטראַלע לענדער און לענדער פיינטליכע און אָקופּירטע פונ'ם שונא. אין דער ערשטער קאַטע־גאָריע קען מען דערציילען וועגען דער כסדר'דיגער אַרבייט פון „דזשאָינט" אין משך פון די אַלע 17 חדשים. אין דער צווייטער קאַטעגאָריע וועט זיין נויטיג אָפּצוואַרטען ביז נאָך דער מלחמה, כדי זיך צו דערוויסען וועגען דער גרויס פון דער אָרטיגער הילף, וואָס מען האָט באַזאָרגט אויף נאָך דעם 7־טען דעצעמ־בער, 1941.

# נייטראַלע אָדער אַליאירטע לענדער

## עמיגראַציע

אין די 131 באַזונדערע רייזעס, וואָס 42 פּאָרטוגעזישע, שפּאַנישע, גריכישע, * יאַפּאַנעזישע * און אַמעריקאַנישע * שיפן האָבן געמאַכט, האָבן 47,000 פּליכט־לינגע פאַרלאָזט איראָפּע און דעם ווייטען מזרח אין משך פון דעם יאָהר 1941 און אין די ערשטע פינף חדשים פון 1942. אַרום 64% האָט דער „דזשאָינט" געהאָלפען אָפּצופאָרען.

כדי צו דערגרייכען אָט־די רעזולטאַטען אין אַ וועלט איינגעוויקעלט אין פלאַמען פון מלחמה, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט אַ סומע פון $2,841,000 אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען איצט. פון אָט־דער סומע האָט $1,291,000 געדינט אַ דאָפּעלטען צוועק, ווייל דאָס געלט האָט מען אויסגעגעבען אין 1941 אונטער דעם עמיגראַציע־„קלירינג" אַראַנדזשמענטס, דורך וועלכען דער „דזשאָינט" האָט אָנגעפירט זיין הילפס־אַרבייט לטובת די אידען אין דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילען.

דאָס איבעריגע געלט איז אויסגענוצט געוואָרען פאַר רייזעס אויף שיפן דורך דעם „היצעם" (האַיאַס־איקא עמיגראַציע־געזעלשאַפט) ווי אויך אויף דירעקטע באַוויליגונגען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געמאַכט פאַר ספּעציעלע צוועקען. קיין געלדער פון 1942 האָבן ניט געהאַט צו טאָן מיט „קלירינג". אָט־די מעטאָדע איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, ווי נאָר אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

אַ־חוץ די גרויסע געלט־באַוויליגונגען, איז דעם „דזשאָינט'ס" הויפּט־בייטראַג צו דער עמיגראַציע פון פּליכטלינגע, באַזונדערס נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַריין אין קריג, געווען זיין גרייטקייט צו נעמען גרויסע פינאַנציעלע ריזיקעס ביים אָפּקויפען פאָראויס דאָס גאַנצע אָדער דאָס מערסטע פּלאַץ אויף די נייטראַלע שיפן. דאָס פּלאַץ איז נאָכדעם אויסגעטיילט געוואָרען צווישען גרופּעס פּאַסאַזשירען. דאָס איינטיילען פּלאַץ צו די באַזונדערע פּאַסאַזשירען איז מערסטענס איבערגעגעבען געוואָרען צום „היצעם", וועלכער האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם אינדיווידועלען עמיגראַנט און אים באַזאָרגט מיט זיין קאַיוטע אָדער פּלאַץ.

די צאָלונגען וואָס דער „דזשאָינט" פלעגט מאַכען אַ־פריער, אויף סומען צווישען $300,000 ביז $480,000 פאַר אַ שיף, זיינען געמאַכט געוואָרען אויפן גרונד פון דער דערוואַרטונג, אַז אַלע פּאַסאַזשירען וועלען אָנקומען צום פּאָרט און אַרויפשטייגען אויף דער שיף אין צייט. די פילע אומזיכערקייטען אין צייט פון קריג וואָלטען צו יעדער צייט געקאָנט אָפּהאַלטען די אָדער יענע גרופּע פון אָנקומען צו דער שיף אין צייט; דעמאָלט וואָלט דער „דזשאָינט" געווען געהאַט אַ צאָל

---

* געניצט בלויז פאַר „פּוירל האַרבאָר".

קאַיוטעס, פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט, אינגאַנצען ליידיג, ווייל די שיף וואָלט געווען אַוועק אָן די פּאַסאַזשירען. די פאָרזיכטיגקייט און די טיכטיגע פאַרוואַל־טונג פונ׳ם „דזשאָינט״, האָבען געבראַכט דערצו, אַז אין די 17 חדשים וואָס מיר באַטראַכטען דאָ איצט, בעת 131 רייזעס זיינען געמאַכט געוואָרען, איז ניט געווען קיין פאַרלוסט פון קיין איין קאַיוטע. דאָס איז אַ גרויס פאַרדינסט פאַרן „דזשאָינט״.

ביי די אייראָפּעאישע אידען האָט דער „דזשאָינט״ שוין לאַנג אַ רעפּוטאַציע, אַז ער קען בייקומען אַלע שטרויכלינגען און דערגרייכען כמעט דאָס אוממעג־ליכע. זעלטען ווען איז אָט־די רעפּוטאַציע געווען מעהר באַרעכטיגט ווי אין דער עמיגראַציע־פּראָגראַם, ווי זי איז דורכגעפירט געוואָרען זינט דעם אויס־ברוך פון דער מלחמה און באַזונדערס זינט אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

בעת מיר שרייבען אָט־דעם באַריכט, זיינען שוין כמעט אַוועק דריי יאָהר זינט די דייטשע עראָפּלאַנען זיינען אַריבער דעם פּוילישען גרעניץ אין דעם פרימאָרגען פון דעם 1־טען סעפּטעמבער, 1939, און האָבען אַריינגעוואָרפען די גאַנצע וועלט אין קריג. אין דער צייט האָט מען ניט ווינציגער פון 122,000 פליכטלינגע געהאָלפען צו פאַרלאָזען אייראָפּע, 76,000 פון זיי האָט דער „דזשאָינט״ געהאָלפען. צוזאַמען מיט אָט־דער צאָל האָט דער „דזשאָינט״ געהאָלפען 261,800 פליכטלינגע זיך אַרויסרייסען פון די לענדער, וועלכע ווערען דאָמינירט פון דער „אַקס״, זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין 1933. זעהר באַדייטפול איז דער פאַקט, וואָס 5,000 פון אָט־די מענטשען האָט מען געהאָלפען זיך אַרויס־רייסען פון דעם גיהנום זינט דעם 7־טען דעצעמבער, 1941.

אויף דריי הויפּט־וועגען איז געגאַנגען די עמיגראַציע אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט וואָס מיר באַטראַכטען דאָ:

1) פון מערב־ און צענטראַל־אייראָפּע אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט דורך פּאָרטוגאַל, שפּאַניע און קאַסאַבלאַנקאַ: 35,000 מענטשען האָבען זיך באַנוצט מיט אָט־דעם וועג, 23,500 אונטער דער אויפזיכט פון „דזשאָינט״.

2) פון צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט דורך רוסלאַנד, סיביר און יאַפּאַן: 4,000 האָבען זיך באַנוצט מיט אָט־דעם וועג, 3,000 מיט דער הילף פון „דזשאָינט״.

3) פון אַלע טיילען פון אייראָפּע קיין פּאַלעסטינע דורך טערקיי און דעם נאָענטען מזרח; דורך רוסלאַנד, סיביר, יאַפּאַן, בורמאַ און אינדיע; און אויף אַ באַגרעניצטען מאַסשטאַב דורך פּאָרטוגאַל און דרום־אַפריקע: 8,000 האָבען זיך באַנוצט מיט אָט־די וועגען, 3,500 זיינען פינאַנצירט געוואָרען דורך דעם „דזשאָינט״.

אין אָט־די אַלע מינים עמיגראַציע איז דער „דזשאָינט״ געווען אַקטיוו. יעדער וועג, יעדע שיף און אַמאָל טאַקע יעדער איינציגער פאַל האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קאָמפּליצירטע פּראָבלעם, און יעדע איינציגע פון זיי האָט אַלע

מאָל געקאָסט אַלץ טייערער; און יעדער עמיגראַציע־קאַנאַל איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר פאַרשמעלט געוואָרען.

(1) ביים אָנפאַנג יאָהר 1941, איז עמיגראַציע אָנגעגאַנגען נאָרמאַל דורך פאָרטוגאַל און שפּאַניע פון די לענדער פון גרויס־דייטשלאַנד, ווי אויך פון דעם ניט־אָקופּירטען פראַנקרייך, די שווייץ, שוועדען און פאָרטוגאַל. די אַמעריקאַנער קאָנסולען זיינען נאָך אַלץ געווען אין יענע געגענטען. אַ לעבעדיגער עמיגראַציע־שטראָם איז אָנגעגאַנגען אין פעברואַר און אין מערץ פון 1941, בעת די דייטשע דעפּאָרטאַציעס פון ווינער אידען קיין פוילען האָבען אַרויסגערופען אַ פּאַניק אין די הערצער פון אַלע אידען, וואָס זיינען נאָך געבליבען אין גרויס־דייטשלאַנד. אין יענער צייט האָט מען צום „דזשאָינט" געמאַכט אויסערגעוועהנליך־גרויסע פאָדערונגען, אַז ער זאָל באַזאָרגען פּלאַץ אויף די שיפען און, אַז ער זאָל פאַרגרעסערען זיינע געלט־באַשטימונגען פאַר דער אַרבייט אין גרויס־דייטשלאַנד און אין פוילען, כדי גרעסערע צאָלען פליכטלינגע זאָלען קענען עמיגרירען אונטער דער „קלירינג"־סיסטעם.

אין אַפּריל, 1941, זיינען די דייטשען אַריין אין גריכענלאַנד און אַ גרויסע גריכישע שיף, וואָס פלעגט פריער פירען הונדערטער פליכטלינגע אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט, האָט זיך צוריקגעצויגען און אויפגעהערט מאַכען ווייטערדיגע רייזעס. אין דער זעלביגער צייט האָט אויסגעבראָכען אַ טיפוס־עפּידעמיע אין שפּאַניע. כדי צו פאַרקלענערען די ריזיקע פון אַריינברענגען די טיפוס־עפּידעמיע, האָט די פאָרטוגעזישע רעגירונג צוגעשלאָסען אירע גרעניצען, און עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד ניט געלאָזט קיינעם דורכפאָרען. ווען מען האָט צוריק אויפגעעפענט די גרעניצען אַרום סוף מאַי, זיינען אַזוי פיל פליכטלינגע געפאָרען פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע, אַז דער „דזשאָינט" איז געצוואונגען געווען אויפצועפענען אַ ספּעציעלע טראַנסמיגראַציע־ביוראָ אין ליסאַבאָן, אַזאַ ווי די טראַנסמיגראַציע־ביוראָ אין ניו־יאָרק, כדי צו פאַרשנעלערען דעם גאַנג פון דער אַרבייט, כדי גיכער אָפּצופאַרטיגען די פאָרמאַליטעט־פּאַפּירען פון הונדערטער מענטשען.

טאַקע אין דער דאָזיגער צייט האָט דער „דזשאָינט" געמוזט צום ערשטען מאָל אַראַנזשירען די רייזע פון אַ פאָרטוגעזישער שיף — די „מאָוזינאַ" — דורך דעם, וואָס ער האָט אויפגעקויפט דאָס גאַנצע פּלאַץ אירס. דאָס האָט מען געמוזט טאָן ניט נאָר כדי צו שאַפען אַ מעגליכקייט פאַר די פליכטלינגע אָפּצופאָרען אידער זייערע וויזעס גייען אויס, און דערמיט האַלטען פאָרטוגאַל אָפען ווי אַ טראַנזיט־לאַנד פאַר די צוקונפטיגע פליכטלינגע, נאָר אויך כדי זיך געגענשטעלען ביז אַ געוויסען גראַד דער עקספּלאָאַטאַציע פון פליכטלינגע דורך געוויסע אומפאַראַנטוואָרטליכע שיף־אַגענטען, וואָס האָבען שוין געפאָדערט אַזוי פיל ווי $1200 פאַר אַ בעטעל אין אַ קאַיוטע. דורך דער האַנדלונג פון דעם „דזשאָינט" זיינען די הוצאות אויף דער שיף פאַרקלענערט געוואָרען צום נאָרמאַלען סכום.

אין יוני, 1941, איז אָנגעקומען די נייעס, אַז די רעגירונג פון די פּאַראיי־ניגטע שטאַטען האָט באַפוילען אירע קאָנסולאַטען אין דייטשלאַנד, איטאַליע און אין די אָקופּירטע לענדער צו שליסען זייערע ביוראָען דעם 15־טען יולי. כמעט אין דער זעלביגער צייט איז געמאָלדען געוואָרען, אַז אין דער צוקונפט וועט דער גאַנצער קאָנטראָל פון וויזעס צענטראַליזירט ווערען אין דער וויזע־אָפּטיילונג פון דעם סטייט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן און, אַז די אָפּטיילונג וועט מוזען גוטהייסען יעדע וויזע איידער אַן אַמעריקאַנער קאָנסול וועט זי קענען אַרויס־געבען.

דאָס האָט גלייך אַרויסגערופען אַ פּיל־זייטיגע פּראָבלעם: ווי אַזוי צו אַראַנזשירען די טראַנספּאָרטאַציע פאַר עטליכע טויזענט פּערזאָן, וואָס האָבען שוין געהאַט באַוויליגטע וויזעס, גילטיג פאַר פיר חדשים צייט, איידער אָט־די וויזעס גייען אויס, בעת די וויזע־האַלטער געפינען זיך אין אַ לאַנד, וואו עס איז ניטאָ קיין אַמעריקאַנער קאָנסול זיי צו באַנייען; ווי אַזוי קען מען פאַרזיכערען אַ וויזע־באַנייאונג פאַר פּילע, וועלכע געפינען זיך שוין אין די פּאָרטען, פון וואַנען די שיפען גייען אָפּ, אָבער וועמעס וויזעס זיינען אויסגעגאַנגען; און ווי אַזוי קען מען העלפען פּליכטלינגע אין דייטשלאַנד, איטאַליע אָדער אין די אָקופּירטע לענדער צו ערשיינען פאַר אַן אַמעריקאַנער קאָנסול אין נייטראַלע לענדער פאַר אַ וויזע־עקזאַמען.

דער „דזשאָינט״ האָט גלייך געשאָנקען זיין אויפמערקזאַמקייט צו אָט־די אַלע פּראָבלעמען. די פראַגע פון טראַנספּאָרטאַציע פאַר די, וואָס האָבען וויזעס, איז געלייזט געוואָרען דורך דעם וואָס מען האָט אַראַנזשירט נאָך עטליכע רייזעס אין משך פון דעם זומער און אין פריען האַרבסט. באַמיאונגען צו עוואַקואירען פּליכטלינגע, נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנער קאָנסולאַטען זיינען געשלאָסען געוואָ־רען אין גרויסע געגענטען פון אייראָפּע האָבען געבראַכט דערצו, אַז אין משך פון די פינף וואָכען נאָכדעם ווי די קאָנסולאַטען האָבען זיך געשלאָסען, דעם 15־טען יולי, זיינען אָפּגעפאָרען זעקס שיפען מיט 3,500 פּאַסאַזשירען.

אַ טיילווייזע לייזונג פון דעם פּראָבלעם, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך די געשלאָסענע קאָנסולאַטען, איז געפונען געוואָרען פאַר די פּליכטלינגע אין סלאָוואַקיע. זיי האָט מען ערלויבט צו פאָרען קיין בודאַפּעשט פאַר אַ וויזע־עקזאַמען. אויך אַ קליינע צאָל פּליכטלינגע אין בערלין האָבען ווי ניט איז אויס־געווירקט, אַז מען זאָל זיי לאָזען פאָרען קיין שפּאַניע און געהן צום אַמעריקאַנער קאָנסול אין מאַדריד.

איינע פון די ערשטע נאָכווייהענישען, וואָס זיינען געקומען נאָכן שליסען די אַמעריקאַנער קאָנסולאַטען אין דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און איטאַליע, איז געווען אַ פאַרגרעסערונג אין דער צאָל אַפּליקאַנטען פאַר קובאַנישע וויזעס. עס זיינען נאָך אַלץ געווען קובאַנישע קאָנסולאַטען אין יענע לענדער, און עס ווערט געשאַצט, אַז דריי חדשים נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנער קאָנסולאַטען זיינען געשלאָסען געוואָרען, זיינען אויטאָריזירט געוואָרען 15,000 קובאַנישע

וויזעס. אין אָקטאָבער, 1941, האָט די דייטשע מאַכט אָפּגעשטעלט די גאַנצע עמיגראַציע פון גרויס־דייטשלאַנד, דערמיט וואָס זי האָט זיך ענטזאָגט אַרויסצו־געבען צו אידען ערלויבענישען אויף אַרויסצופאָרען.

נאָך „פוירל האַרבאָר״ האָט געשיינט, אַז עמיגראַציע וועט זיך אינגאַנצען אָפּשטעלען פאַר דער צייט פון דער מלחמה. די ערשטע אָנדייטונג, וואָס דער „דזשאָינט״ האָט געקראָגען, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען וועלען ווייטער אַריינ־לאָזען פליכטלינגע, וואָס קומען אַריין אין דער אימיגראַציע־קוואָטאַ, איז געווען דעם 15־טען דעצעמבער, ווען דער „דזשאָינט״ האָט געקראָגען פון טרעזשורי־דעפּאַרטמענט אַן ערלויבעניש אַוועקצושיקען קיין פּאָרטוגאַל $140,700, אַז די שיף „גינעי״ זאָל קענען אָפּפאָרען דעם 18־טען דעצעמבער. פון דעצעמבער 1941, ביז סוף מאַי, 1942, זיינען דרייצען פליכטלינג־שיפען אָפּגעפאָרען פון איירָאָפּע מיט 5,000 פּאַסאַזשירען, וועלכע זיינען געפאָרען אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט.

(2) עמיגראַציע דורך דעם ווייטען מזרח איז אָנגעגאַנגען בלויז אין משך פון די ערשטע זעקס חדשים פון דעם יאָהר 1941. אין מיטען 1940, איז אי־טאַליע אַריין אין קריג און דאָס האָט צוגעשלאָסען דעם מיטללענדישען ים פאַר שיפס־פאַרקער. דעמאָלט זיינען די אידישע קאָמיטעטען געווען געצוואונגען צו זוכען אַ נייעם וועג פאַר עמיגראַציע און זיי האָבען אַראַנזשירט די טראַנספּאָר־טאַציע פון אידען פון דייטשלאַנד דורך יאַפּאַן און אַזיע אויף דער טראַנס־סיבירי־שער אייזענבאַן קיין וולאַדיוואָסטאָק, פון דאָרט קיין יאַפּאַן, פון וואַנען זיי זיינען אַריבערגעפאָרען דעם פּאַסיפישען אָקעאַן אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט.

אָנפאַנג 1941 איז דער שטראָם עמיגראַנטען, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך יאַפּאַן ווי אַ טראַנזיט־פּונקט, פּלוצלינג אויפגעשוואָלען געוואָרען דורך דער איינוואַנדערונג פון 2,000 פּוילישע פליכטלינגע פון ליטע. אָט־די אַלע מענטשען האָבען געקראָגען יאַפּאַנעזישע טראַנזיט־וויזעס. אַרום 1,000 פון אָט־די פליכט־לינגע זיינען געווען רבנים, ישיבה־מלמדים און ישיבה־בחורים און זייערע פאַמי־ליעס, וועלכע האָבען געפאָדערט ספּעציעלע שטיצע. דער „דזשאָינט״ האָט באַשטימט $142,000 אין משך פון דעם יאָהר 1941 בלויז פאַר אָט־דעם סאָרט טראַנספּאָרטאַציע. דערויף איז שוין אַריינגעגאַנגען באַן־הוצאות פון ליטע קיין וולאַדיוואָסטאָק, שיף־הוצאות פון וולאַדיוואָסטאָק ביז יאַפּאַן און נאָכדעם פון יאַפּאַן קיין שאַנכאַי, ווי אויך הוצאות מעבר לים. אָט־דאָס געלט איז געווען אַ צוגאָב צו די רעליף־הוצאות אין יאַפּאַן און אין שאַנכאַי.

אין אויגוסט האָט די יאַפּאַנעזישע רעגירונג געצוואונגען צו עוואַקוירען אַלע איבערגעבליבענע פליכטלינגע אין יאַפּאַן קיין שאַנכאַי. אַרום־און־אַרום האָבען אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, 3,000 פליכטלינגע ווידער אַמאָל עמיגרירט פון יאַפּאַן קיין שאַנכאַי, און פון דאָרט אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט און קיין פּאַלעסטינע.

(3) די דריטע קאַטעגאָריע פון עמיגראַציע, קיין פּאַלעסטינע, האָט געפאָדערט $180,000 פון די „דזשאָינט"־געלדער אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ. אָט־דאָס געלט האָט געגעבען אַ מעגליכקייט צו 3,500 פּערזאָן, אַז זיי זאָלען קענען אַריינקומען קיין פּאַלעסטינע. די גרעסטע צאָל פון אָט־די מענטשען זיינען געפאָרען דורך דעם שוואַרצען ים און טערקיי, אָבער עטליכע הונדערט זיינען געצוואונגען געוואָרען אַרומצורייזען אַ העלפט פון דער וועלט, כדי צו דערגרייכען דעם פּלאַץ וואוהין זיי זיינען געפאָרען. זיי האָבען געמוזט רייזען דורך סיביר, דורך דעם ווייטען מזרח, דורך בורמאַ און דורך אינדיע.

די „דזשאָינט"־אויסגאַבען אויף עמיגראַציע: דורך „קלירינג" — $1,291,000; דורך דעם „היצעם" — $563,000 פון יאַנואַר ביז דעם 7־טען דעצעמבער 1941 און $250,000 פון דעם 7־טען דעצעמבער 1941 ביז דעם 31־טען מאַי 1942; דורך אַנדערע קאַנאַלען — $690,000 פון יאַנואַר ביז דעם 7־טען דעצעמבער 1941 און $47,000 פון דעם 7־טען דעצעמבער 1941 ביז דעם 31־טען מאַי 1942.

## פּוילישע פּליכטלינגע אין רוסלאַנד

ווען די דייטשע אַרמייען זיינען דעם 22־טען יוני, 1941, אַריבער די גרעניץ פון רוסיש־אָקופּירטען פּוילען, זיך אַ לאָז געטאָן אויף מזרח און זיינען באַגעגענט געוואָרען פון די רוסישע אַרמייען, וואָס זיינען געווען ענטשלאָסען זיי ניט אַריינצולאָזען, האָט איינע פון די פּראָבלעמען, וואָס זיינען דעמאָלט אויפגעקומען, געהאַט צו טאָן מיט דער פּוילישער ציווילער באַפעלקערונג אויף דער רוסישער ערד. מען שאַצט, אַז אַרום צוויי מיליאָן פון אָט־די מענטשען, געפינען זיך איצט אין אַזיאַטישען רוסלאַנד ווייט הינטער די אוראַל־בערג. די צאָל אידען צווישען זיי שאַצט מען אויף אַרום 600,000.

צווישען דער רוסישער און פּוילישער רעגירונגען, איז אין יולי, 1941, געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך אויף דורכצופירען אַ פּראָגראַם פון הילף לטובת די פּוילישע בירגער אין סיביר. אָט־די הילפס־אַרבייט דאַרף אָנגעפירט ווערען אונטער דער אויפזיכט פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין רוסלאַנד. עס איז געווען דרינגענד־נויטיג צו טאָן אַזאַ הילפס־אַרבייט. די פּליכטלינגע האָבען ניט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך זייערע פאַרמעגענס. זיי זיינען געווען שוידערליך אָרים אין די ווייטע און וויסטע געגענטען פון סיביר.

אונטער דעם אָפּמאַך, האָט מען ערלויבט דער פּוילישער רעגירונג צו שיקען פון די פאַראייניגטע שטאַטען און צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו קליידער, שפּייז און מעדיקאַמענטען אויף רוסישע שיפען אָן אָפּצאָל און אָן גרעניץ־שטייערען. די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו פאַרטיילט אָט־די

הילף צווישען די ספּעציעלע קאָמיטעטען אין יענע דיסטריקטען, וואו עס געפינען זיך פּוילישע פּליכטלינגע. די קאָמיטעטען זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אויף אַן אינטערקאָנפעסיאָנעלען שטייגער און צווישען די מיטגלידער זייערע גע־פינען זיך אַ צאָל פּראָמינענטע פּויליש־אידישע פירער.

עס האָט געדויערט עטליכע חדשים ביז אַלע פאָרמאַליטעטען צווישען דער פּוילישער און רוסישער רעגירונגען זיינען פאַרענדיגט געוואָרען. אין משך פון יענער צייט האָט דער „דזשאָינט" אַליין געפאָרשט און געזוכט די מעגליכקייטען ווי אַזוי צו שיקען הילף צו די פּוילישע פּליכטלינגע אין רוסלאַנד. מען האָט אויפגענומען די פראַגע מיט דעם אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ". מען האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי די „קוועיקערס". מען האָט געמאַכט אָנפראַגען ביי די בעאַמטע פון דער פּוילישער רעגירונג אין אַמעריקע און אין דער רוסישער אַמבאַסאַדע האָט מען געמאָלדען, אַז דער „דזשאָינט" איז גרייט צו העלפען די אידישע פּליכטלינגע, אָדער דורך באַטייליגען זיך אין דער אַרבייט מיט אַנדערע אָרגאַ־ניזאַציעס, אָדער דירעקט.

אַזוי שנעל ווי די געלעגענהייט איז געקומען צו אַרבייטען מיט דער פּויל־שער רעגירונג, האָט דער „דזשאָינט" גלייך באַשטימט די ערשטע $100,000 פאַר אַ ברייטערע הילפס־פּראָגראַם אויף אַן אינטערקאָנפעסיאָנעלען שטייגער.

עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרען, אַז די נוצליכסטע זאַך, וואָס דער „דזשאָינט" קען טאָן אין אָט־דער פּראָגראַם וואָלט געווען איבערצושיקען מעדיקאַמענטען און כירורגישע אינסטרומענטען. אין דעם ערשטען טראַנספּאָרט, וואָס מען האָט איינגעקויפט, האָבען זיך געפונען אַזעלכע רפואות ווי אינסולין, ספּירט פון טערפּענטין, ריצנאויל, כינין, קאַדעאין, וואַטע, כירורגישע פעדים, שלאָף־געטראַנקען, מעדיצינישע איינשפּריץ־נאָדלען און אַזוי ווייטער. דיזינפעקטיר־מיטלען ווי יאָדין און געלע זייף זיינען אויך געווען צווישען די אַרטיקלען, וואָס מען האָט געשיקט. אויך זיינען געווען די געוועגליכע רפואות, וואָס מען באַ־נוצט אין יעדען הויז, ווי באָריק עסיד און־אַספּערין.

צווישען די מעדיקאַמענטען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געשיקט, זיינען אויך געווען קאָנצענטרירטע שפּייזען, ווי פיש־אויל, הייוועז, וואָס ענטהאַלטען אַ גרויסען פּראָצענט וויטאַמינען, און לעבער־עקסטראַקטען. מען האָט אויך גע־שיקט סערומס געגען טיפוס און געגען כאָלערע. אָט־די סערומס האָט מען אי־בערגעשיקט דורך עראָפּלאַנען.

ביים אָפּשלוס פון צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָט דער „דזשאָינט" גענומען צוגרייטען 6 באַזע־שפּיטאָלען מיט 100 בעטען אין יעדען פאַר דעם אַזיאַטישען רוסלאַנד. ער האָט באַשטימט $50,000 אויף שיקען די פולע אויסשטאַטונג און אויך אויף איבערשיקען קיין רוסלאַנד 250 דאָקטאָרישע רענצ־לאַך מיט אינסטרומענטען, אַזוי, אַז די דאָקטוירים צווישען די פּליכטלינגע זאָלען

האָבען די נויטיגע אינסטרומענטען אויף צו פּראַקטיצירען זייער פּראָפעסיע צווי־שען מענטשען, וואָס נויטיגען זיך אַזוי שטאַרק אין מעדיצינישער הילף.

אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון דאָקטוירים, מיטגלידער פון דער דירעקטאָרען־באָארד פון „דזשאָינט", פּאַסט אויף אויף דעם אויסוואַל פון די מעדיקאַמענטען און רפואות, וועלכע ווערען געשיקט. דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פון דער „אָזע", אַן אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אין משך פון פיל יאָהרען גענאָסען די שטיצע פון דעם „דזשאָינט" אין איר טעטיגקייט פאַר דער געזונטהייט פון אידען און פאַר קינדער־אויפפּאַסונג אויף יענער זייט ים, איז איינגעלאַדען געוואָרען מיטצואַרבייטען מיטן „דזשאָינט" כדי צו באַשטימען די נוצליכסטע מעדיקאַמענטען און רפואות, וואָס מען דאַרף איינקויפען.

אין אָנהויב יאָהר 1942 האָט אַ צאָל פּוילישע פליכטלינגע פאַרלאָזט רוס־לאַנד און אַוועקגעפאָרען קיין פּאַלעסטינע; אין מאַי זיינען אַרום 800 אידישע פליכטלינגע געווען אין טעהעראַן, פּערסיע. די מערסטע פון זיי האָבען אויף פּאַלעסטינישע סערטיפיקאַטען. פאַר אָט־דער גרופּע האָט דער „דזשאָינט" געשיקט געלדער צו אַן אָרטיגען קאָמיטעט. דער „דזשאָינט" האָט אויך צו־געשטימט זיך צו באַטייליגען אין באַזאָרגען די רייזע־הוצאות פון די מענטשען, וואָס האָבען געקראָגען פּאַלעסטינישע סערטיפיקאַטען.

מען שאַצט, אַז צווישען די צוויי מיליאָן פּוילישע פליכטלינגע אין רוסלאַנד געפינען זיך 600 טויזענט אידען. פון יאַנואַר ביז מאַי, 1942, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט פאַר זיי $114,000.

## צענטראַל—און דרום—אַמעריקע

דאָס יאָהר 1941 האָט באַצייכענט אַ וויכטיגען ווענדפּונקט אין דעם כאַראַק־טער פון דער פליכטלינג־לאַגע אין צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע און אין דער זעלביגער צייט אין דער אַרבייט, וואָס דער „דזשאָינט" האָט אָנגעפירט אויף שטיצען דאָרט די הילפס־קאָמיטעטען פאַר פליכטלינגע.

אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָט זיך די אימיגראַציע פאַרקלענערט און דאָס האָט געגעבען די קאָמיטעטען אַ מעגליכקייט אויסצואַרבייטען פּלענער פאַר פּערמאַנענטע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי זיי ווערען גערופען, כדי זיי אונטערצושיידען פון די „עמוירדזשענסי"־אָרגאַניזאַ־ציעס. אין אַ סך לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער זיינען אַזעלכע געמיינדע־אינסטיטוציעס נאָך ניט געהאַט עטאַבלירט געוואָרען ווי געהעריג. די לאַטיין־אַמעריקאַנישע אידישע געמיינדעס זיינען נאָך רעלאַטיוו יונג; אין אַ סך לענדער זיינען בלויז געווען צו עטליכע טויזענט אידען און זיי האָבען נאָך ניט געהאַט איינגעשטעלט קיין כאַראַקטעריסטישען סדר, ביז עס זיינען נישט אַריינגעקומען אַהין טויזענטער פליכטלינגע.

אַזוי, למשל, איז אין טשילי די אידישע באַפעלקערונג פון 13,000 פאַר־דאָפּעלט געוואָרען אין עטליכע יאָהר דורך דעם, וואָס אַהין זיינען אַריינגעקומען פונקט אַזאַ צאָל פליכטלינגע. אין באָליוויע, ווען אַהין זיינען אַריינגעקומען 10,000 פליכטלינגע, האָבען זיי פאַרגרעסערט די צאָל אָרטיגע אידען אויף 100 מאָל. אין כמעט יעדען לאַנד, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען פליכטלינגע, איז די אָרטיגע באַפעלקערונג פּלוצלינג היבשליך פאַרגרעסערט געוואָרען.

פאַר דעם יאָהר 1941 האָבען די הילפס־קאָמיטעטען פאַר פליכטלינגע, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געהאָלפען די אָרטיגע אידישע געמיינדעס צו עטאַבלירען, כדי זיי זאָלען קענען באַגעגענען די קריטישע נויטען פון די ניי־געקומענע, זיך אָפּגעגעבען הויפּטזעכליך מיט עמוירדזשענסי־אַרבייט. מען האָט באַגעגענט איין קריזיס נאָכן צווייטען; פליכטלינגע, וואָס זיינען געקומען אָן אַ גראָשען געלט, האָט מען געגעבען אויף חיונה; קאָמפּליצירטע אימיגראַציע־פּראָבלעמען האָט מען אויסגעפּרעסט, אָפט אין קאָאָפּעראַציע מיט די אָרטיגע ביוראָען פון „היצעם"; מען האָט אָרגאַניזירט ביוראָען אויף צו זוכען באַשעפטיגונג; ערענסטע קראַנק־הייטען, וואָס קומען צוליב דער ענדערונג אין קלימאַט און צוליב אַנדערע פאַק־טאָרען, האָט מען באַהאַנדעלט און מען האָט אונטערגענומען אַ רייע מיטלען אויף צו פאַרמיידען אָט־די קראַנקהייטען; מען האָט אָרגאַניזירט קלאַסען צו שטו־דירען די לאַנד־שפּראַכען און מען האָט אַרויסגעהאָלפען אויף אַ סך אַנדערע אופנים.

אַפילו פריער, פאַר דעם יאָהר 1941, וואָס מעהר די געמיינדעס האָבען גע־קראָגען ערפאַרונג און רייפקייט, און האָבען געקראָגען אַ ביסעל צייט אויף אָפּצוכאַ־פען דעם אָטעם און פּלאַנעווען זאַכען פאָראויס, זיינען שוין געגרינדעט געוואָרען היימען פאַר קינדער און היימען פאַר עלטערע לטובת אַלע עלעמענטען פון דער באַ־פעלקערונג. פאַרשיידענע פאָרמען פון עקאָנאָמישער הילף זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען, כדי צו געבען אַ מעגליכקייט יחידים זיך צו שטעלען אויף די אייגענע פיס. די גאַנצע אַרבייט איז געטאָן געוואָרען מיטן געדאַנק, אַז די פליכטלינגע זאָלען וואָס שנעלער אַריינגעזאַפּט ווערען אינ׳ם לעבען פון די לענדער, וואו זיי האָבען זיך באַזעצט.

זייט ביי זייט מיט דער הילפס־אַרבייט פון „דזשאָינט", האָט זיך אין דער לאַטיינישער אַמעריקע אויך אַנטוויקעלט אַ קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם, וואָס האָט געשטרעבט צו שטעלען די פליכטלינגע עקאָנאָמיש אויף זייערע פיס. איינע פון די נוצליכסטע פאָרמען פון קאָנסטרוקטיווער הילף איז די עטאַבלירונג פון קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווען, וואָס קענען מאַכען הלוואות צו קליינע געשעפטסלייט אויף זעהר קליינע פּראָצענטען. אין דער לאַטיינישער אַמעריקע, וואו מען צאָלט געוועהנליך זעהר גרויסע פּראָצענטען, זיינען אַזעלכע אינסטיטוציעס פון גרויס וויכטיגקייט.

שוין אין דעם יאָהר 1939 האָט דער „דזשאָינט", וויסענדיג די רעזולטאַטען

וואָס זיין אַפּיליאירטע אָרגאַניזאַציע, „דהי אַמעריקען דזשאָינט רעקאָנסטראָקשאָן פאַונדיישאָן”, האָט דערגרייכט אין מיטעל־ און מזרח־אייראָפּע פון 1924 אָן, גע־טראַכט אַ סך וועגען דער פּאַסיגקייט צו עטאַבלירען קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועןאין דער לאַטיינישער אַמעריקע. די פאָנדען פון דער „פאַונדיישאָן”, וואָס איז געווען אַן ענגלישע קאָרפּאָראַציע, זיינען פאַרבלאָקירט געוואָרען גלייך נאָכן אויס־ברוך פון דער מלחמה. און דער „דזשאָינט” האָט דערפאַר אָרגאַניזירט אַ קאָ־מיטעט פאַר אויפבוי־טעטיגקייט, כדי אויסצופילען דעם בלויז, וואָס איז גע־בליבען.

איידער ער האָט אָנגעהויבען זיין פּראָגראַם, האָט דער קאָמיטעט פאַר אויפבוי־אַרבייט געשיקט אין דער לאַטיינישער אַמעריקע אַ פאָרשטייער, וואָס איז 20 יאָהר נאָכאַנאַנד געווען פאַרבונדען מיט דער „פאַונדיישאָן” און איז געווען באַקאַנט מיט די פּרינציפּען און מיט דער פּראַקטיק פון דער קאָאָ־פּעראַטיווער קרעדיט־באַוועגונג. ער האָט דורכגעפירט אַ טור אין די הויפּט־לענדער, כדי ער זאָל פעסטשטעלען דעם גראַד פון לאָקאַלען אינטערעס אין קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועןן, ווי אויך די נויטווענדיגקייט פון אַזעלכע אינסטי־טוציעס.

דער באַריכט פון דעם „דזשאָינט”־פאָרשטייער, ווען ער האָט זיך אומגע־קערט צוריק אין די פאַראייניגטע שטאַטען, האָט געוויזען, אַז עס עקזיסטירט אַן אמת׳ע נויט און אַן אינטערעס פון דער אָרטיגער באַפעלקערונג אין קאָנ־סטרוקטיווער אַרבייט לטובת די אידען אין דער לאַטיינישער אַמעריקע. באַלד נאָכדעם איז אין קיטאָ, עקוואַדאָר, אָרגאַניזירט געוואָרען דער ערשטער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו אין דער לאַטיינישער אַמעריקע, געשטיצט פון „דזשאָינט”. אין צוויי חדשים אַרום האָט ער שוין געהאַט אַלס מיטגלידער 115 פאַמיליעס אָדער אַרום 400 פּערזאָן. זיי האָבען איינגעצאָלט פאַר אַקציעס 50,000 סוקרעס ($3,000). פּונקט אַזוי פיל האָט דער „דזשאָינט” געגעבען אַלס זיין ערשטען קרעדיט. די באַטייליגונג פון „דזשאָינט” וועט זיך פאַרגרעסערען לויט די בויטען פון דעם קאָאָפּעראַטיוו און לויט די סומען געלט, וואָס וועלען אויפגע־זאַמעלט ווערען אויף די ערטער.

די בראַזיליאַנער רעגירונג האָט ניט לאַנג צוריק אויטאָריזירט צו אָרגאַני־זירען אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. עס ווערט געפּלאַנעוועט אין גיכען צו עטאַבלירען ענליכע אינסטיטוציעס אין אַנדערע וויכטיגע שטעט פון בראַזיל. שטאַרקע לאָקאַלע איניציאַטיוו ווערט אויך אַרויסגעוויזען אין באָ־ליוויע, און פּלענער ווערען געמאַכט צו אָרגאַניזירען אַ קאָאָפּעראַטיוו דאָרטען און אויסצובורייטערען אַט־די אַרבייט אין אַנדערע ערטער.

נאָכדעם ווי די מערסטע לאַטיין־אַמעריקאַנישע רעגירונגען האָבען אָפּגע־בראָכען זייערע דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט די „אַקס”־לענדער באַלד נאָך „פּוירל האַרבאָר”, זיינען אויפגעקומען די פראַגען וועגען דעם נייעם סטאַטוס

פון פליכטלינגע, וועלכע זיינען באַטראַכט געוואָרען ווי בירגער פון פיינטליכע לענדער. די ליבעראַלע שטעלונג, וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען אָנגענומען אין באַצוג צו די פליכטלינגע, איז ווידערהאָלט געוואָרען אין די מערסטע צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער, איינשליסענדיג די בריטישע און האָלענדישע קאָלאָניעס. אַפילו נאָך פאַר „פוירל האַרבאָר" האָט בראַזיל מעגליך געמאַכט פאַר פערזאָנען, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד אויף טוריסטען־ און טראַנזיט־וויזעס, צו בלייבען אומגעשטערט און מיט רעכט צו אַרבייטען. אין אַפּריל, 1942, האָט אויך קובאַ דאָס זעלביגע געטאָן.

די זאָרגפעלטיגע, פאַראַנטוואָרטליכע און עפעקטיווע אַרבייט פון די פאַרשיידענע לאָקאַלע קאָמיטעטען, מיט וועלכע דער „דזשאָינט" קאָאָפּערירט, האָט ניט אין קיין קלענערער מאָס בייגעשטייערט צו אָט־דער באַציאונג מצד די לאַטיין־אַמעריקאַנישע רעגירונגען. פאַן־אַמעריקאַנישע אינדאָרסירונג איז געגעבען געוואָרען אין יאַנואַר, 1942, ווען אַ רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער אינטעראַמעריקאַנער קאָנפערענץ פון מיניסטאָרען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, רעקאָמענדירענדיג צו די באַטייליגטע לענדער צו באַשיצען די פרעמד־געבוירענע וואָס זיינען ניט געפעהרליך „פון אַוועקנעמען ביי זיי די געהעריגע מיטלען אויף צו מאַכען אַ לעבען, פון דיסקרימינירען קעגען זיי אויף אַ ניט גערעכטען אופן אָדער אויף אַן אַנדער שטייגער שטערען זיי צו פירען זייערע נאָרמאַלע, סאָציאַלע און געשעפטליכע טעטיגקייטען."

אין משך פון דער לעצטער העלפט פון יאָהר 1941 און דער ערשטער העלפט פון 1942, האָט דער „דזשאָינט" דורך אַ מיטגליד פון זיין סטעף, געמאַכט אַ גענויע אויספאָרשונג פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנישע אידישע געמיינדעס. זיינע רעקאָמענדאַציעס פאַר דער ווייטערער אָנפירונג פון דער הילפס־אַרבייט אין דער לאַטיינישער אַמעריקע ווערען איצט אויפסנייע שטודירט.

אין די צענטראַל־ און דרום - אַמעריקאַנער לענדער האָט דער „דזשאָינט" אויסגעגעבען, אין משך פון די 17 חדשים, $669,600. פון דער סומע האָט דער „דזשאָינט" אויסגעגעבען אין אורוגוואַי — $29,050; אין אַרגענטינע — $2,500; אין באָליוויע — $142,800; אין בראַזיל — $141,000; אין דזשאַמייקאַ — $50,000; אין האָנדוראַס — $4,350; אין האַיאיטי — $13,400; אין טשילי — $54,850; אין טרינידאַד — $4,400; אין מעקסיקאָ — $8,100; אין דער דאָמיניקאַנער רעפּובליק — $39,150; אין פּאַנאַמאַ — $750; אין פּאַראַגוואַי — $700; אין פּערו — $2,100; אין קאָלאָמביאַ — $10,100; אין קאָסטאַ ריקא — $400; אין קובאַ — $95,500; אין קיוראַסאַאָ — $33,250; פאַר דורכרייזענדע און פאַרשיידענעס — $37,200.

# דאָס ניט־אָקופּירטע פראַנקרייך

אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין דעם ניט־אָקופּירטען פראַנקרייך געוואָרען אַלץ ערענסטער. דאָס צוריקקערען פון פּיער לאַוואַל צו דער מאַכט אין דער ווישי־רעגירונג אין אַפּריל פון היינטיגס יאָהר האָט שוין פאָראויסגעזאָגט נאָך אַן ערגערע ווענדונג אין דער לאַגע. אַ צאָל אַנטי־אידישע געזעצען, וואָס שליסען אויס גרויסע קאַטעגאָריעס אידען פון פילע פּראָפעסיעס, און באַפוילען אַז זייער פאַרמעגען זאָל פאַרוואַלטעט ווערען דורך דעם שטאַט, האָבען אַרויפגעלעגט באַ־גרעניצונגען אויף זייערע מעגליכקייטען צו קריגען אַרבייט און באַשטימט אינטער־ניר־לאַגערען אָדער צוואַנגס־אַרבייט פאַר אידען, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד נאָכן יאָהר 1935, אויב זיי האָבען ניט קיין קוואַל פון חיונה.

דער מאַנגעל אין שפּייז — בלויז 21 אונצען שפּייז אַ טאָג האָט מען גע־קאָנט קויפען אויף שפּייז־קאַרטלאַך — און דער גרויסער יקרות, וואָס איז געקו־מען, האָט נאָך שווערער געמאַכט די לאַגע פון די אידען אין פראַנקרייך. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער פליכטלינג געליטען אַממערסטען; און אים האָט דער „דזשאָינט" זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות צו העלפען.

אין אָט־דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז אפשר די סאַמע ערענסטע אַנטוויקלונג, אין פאַרבינדונג מיט פילאַנטראָפּישער הילפס־אַרבייט, געווען די עטאַבלירונג פון דער „פאַראייניגונג פון די אידען אין פראַנקרייך". אָט־די קער־פּערשאַפט איז געמאַכט געוואָרען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע אידישע טעטיג־קייטען אין פראַנקרייך. יעדע איינציגע פון די צוויי טיילען פון דער פאַראייני־גונג, איינע פאַר דעם אָקופּירטען און די צווייטע פאַר דעם ניט־אָקופּירטען זאָן, איז געפירט געוואָרען דורך ניין אידען אונטער דער אויפזיכט פון דעם דעפּאַרטאַ־מענט פאַר אידישע אָנגעלעגענהייטען פון דער ווישי־רעגירונג.

דער פּראַקטישער זין פון עטאַבלירען אָט־די פאַראייניגונג איז געווען דאָס, וואָס אַלע פראַנצויזישע אידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען ליקווידירט געוואָרען און זייערע פאָנדען זיינען אַריין אין איין קאַסע. נאָך אַ קוואַל פון איינקונפט, כאָטש דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצען דורכגעפירט געוואָרען, האָט געדאַרפט זיין דער איינמאָליגער 20% שטייער אויף דעם גאַנצען פאַרמעגען פון די אידען, ווי אויך אַ קלענערער איינקונפט־שטייער, וואָס זאָל באַנייט ווערען יעדעס יאָהר.

צווישען יאַנואַר, 1941, און סוף מאַי, 1942, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט $1,232,500 אויף רעליף־אַרבייט אין פראַנקרייך. אָנפאַנג יאָהר 1942, האָט דער „דזשאָינט" פאַרגרעסערט זיין געלט־באַשטימונג פאַר דער אַרבייט אין פראַנק־רייך פון $60,000 ביז $75,000 אַ חודש, כדי צו העלפען די קאָמיטעטען באַזאָרגען נייע וואוין־פלעצער, געמיינדע־קיכען, שולען און צוגרייט־קלאַסען פאַר די פליכט־לינגע, וואָס מען האָט אַוועקגעשיקט אין אָפּגעזונדערטע דיסטריקטען, לויט די רעגולאַציעס פון ווישי.

די מערסטע שטיצע האָט דער „דזשאָינט“ געגעבען דורך די אידישע הילפס־קאָמיטעטען, וואָס ער האָט געהאָלפען רעאָרגאַניזירען און פינאַנצירען באַלד נאָך דעם דייטשען בליץ־קריג אין 1940: דורך דעם „הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכט־לינגע“ און זיין לאַגער־קאָמיסיע, דורך דער „פעדעראַציע פון די אידישע געזעל־שאַפטען“, „אָזע“ און „היצעם“. יעדע איינציגע פון אָט־די אָרגאַניזאַציעס, וואָס קריגען דעם גרעסטען טייל פון זייער איינקונפט פון „דזשאָינט“, האָט דורכגע־פירט אַ ספּעציעלע פּראָגראַם.

דורך דעם „הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע“ זיינען 15,000 פליכטלינגע, וועלכע זיינען נאָך אַלץ געווען פריי אין 24 ערטער, באַזאָרגט געוואָרען יעדען טאָג מיט שפייז, קליידער און קוואַרטירען און אויך מיט אַ געלעגענהייט צו לערנען זיך אַ מלאָכה. אַזוי ווי אַלץ מעהר מענטשען האָבען פאַרלוירען זייערע באַשעפטיגונגען צוליב די דיסקרימיניר־געזעצען, האָבען אַלץ מעהר און מעהר מענטשען זיך געווענדט צו דעם „הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע“ נאָך הילף.

די לאַגער־קאָמיסיע, וואָס איז אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע פון דעם „פליכטלינג־קאָמיטעט“, האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם אַפּאַראַט, דורך וועלכען 12,000 אידען אין אינטערניר־לאַגערען און 3,000 אידען אין אַרבייטס־באַטאַליאָנען זיינען באַ־זאָרגט געוואָרען מיט שפייז און קליידער.

אין משך פונ׳ם יאָהר 1941 האָט די לאַגער־קאָמיסיע אַריינגעשיקט 330 טאָן שפייז און 6,000 פאַרשיידענע שטיק קליידונג, מעדיקאַמענטען און דענטיס־טישע אויסשטאַטונג, ווי אויך אַנדערע זאַכען, אַלץ געקויפט אין פראַנקרייך, אין די לאַגערען פון גורס, ריוועסאַלטעס, רעסעבעדו, נאָי, לע ווערנע, לע מיל און אַנדערע אינטערניר־צענטערען. כדי דורכצופירן די פאַרוואַלטונג אויפן אָרט, האָט די לאַגער־קאָמיסיע אַראַנזשירט, אַז מען זאָל אין די גרעסערע לאַגערען אַריינשטעלען געזעלשאַפטליכע טוהער און רעליגיעזע פירער.

די פונקציעס פון דער „פעדעראַציע פון אידישע געזעלשאַפטען“ זיינען געווען צו באַזאָרגען שפייז און קליידער און אויך איינאָרדנען צוגרייט־קלאַסען און אויסטיילען מעדיצינישע הילף ביז אַ געוויסען גראַד צו די אידען פון מזרח־אייראָפּע, וואָס זיינען אַריינגעקומען קיין פראַנקרייך אין אָנפאַנג פון די צוואַנ־ציגער יאָהרען, אָבער לויט די נייע געזעצען האָט מען ביי זיי צוגענומען די מעגליכקייט צו פאַרדינען אויף אַ לעבען. די פעדעראַציע האָט געשטיצט אַ גרוי־סע צאָל געלעהרטע, העברייאישע לערער, רבנים, כלי־קודש, בעל־מלאָכות און אינטעלעקטואַלען. אין קאָאָפּעראַציע מיט דעם „אייראָפּייאישען סטודענטען־פאָנד“, האָט די פעדעראַציע באַצאָלט שכר־למוד און באַזאָרגט סטודענטען מיט חיונה.

דאָס אויפפּאַסען אויף אָרימע קינדער איז געווען די ספּעציעלע אויפגאַבע פון דער „אָזע“. מיט 90% פון אירע פאָנדען באַזאָרגט דורכן „דזשאָינט“, האָט „אָזע“ אויפגעהאַלטען 12 היימען, וואו זי האָט אויפגעפּאַסט אויף יתומים, קינדער וואָס האָבען פאַרלוירען זייערע עלטערען און אַזעלכע, וועמעס עלטערען זיינען

געווען אינטערנירט אין לאַגערן אָדער זיינען געווען אין אָקופּירטען פראַנק־רייך. דורך די באַמיאונגען פון דער „אָזע", וואָס ווערט געשטיצט דורך דעם „דזשאָינט", זיינען 750 קינדער אַרויסגענומען געוואָרען פון אינטערניר־צענ־טערען און אַריינגעגעבען געוואָרען אין אינסטיטוציעס און אין פּריוואַטע היימען.

אַ־חוץ אָט־די טעטיגקייטען, פלעגט נאָך „אָזע" לייסטען מעדיצינישע הילף צו הונגעריגע און קראַנקע אין די אינטערניר־לאַגערן און צו די פליכטלינגע אין 10 פראַנצויזישע דיסטריקטען און צו די 25,000 פראַנצויזישע און פרעמד־געבוירענע אידען, וואָס זיינען עוואַקואירט און אַרויסגעטריבען געוואָרען פון עלזאַס־לאָטארינגען אין דעם ניט־אָקופּירטען זאָן. „אָזע" האָט אויך געגעבען אינדי־ווידועלע שטיצע צו אַרום 420 דאָקטוירים, וועלכע מען לאָזט שוין מער ניט פראַק־טיצירען זייער פּראָפעסיע.

יענע פליכטלינגע אין אָקופּירטען פראַנקרייך, וואָס זיינען געווען גענוג גליקליך צו קריגען וויזעס פאַר לענדער אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט, האָבען זיך סוף כל סוף אַרויסגעריסען צו פרייהייט דורך דער הילף פון דעם „היצעם", וואָס קריגט דעם גרעסטען טייל פון זיין בודזשעט פאַר רייזע־קאָסטען פון דעם „דזשאָינט". אינטערנירטע מענטשען, וואָס האָבען געהאַט אַ מעגליכקייט צו עמיגרירען, האָבען די פאָרשטייער פון דעם „היצעם" אין די לאַגערן גע־האָלפען אָט־די רייזע זייערע דורכצופירען. ווען איינער, וואָס האָט געהאַט אַ וויזע, האָט ניט געקאָנט פאָרען קיין ליסאַבאָן זיך דאָרטען אויפצוזעצען אויף אַ שיף, האָט שוין דער „דזשאָינט" אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם אַזאַ, דורך וועלכער מען פלעגט אים אַריבערפירען פון מאַרסעיל קיין קאַסאַבלאַנקאַ, אין דעם פראַנ־צויזישען מאַראָקאָ, וואו שיפען וועלכע זיינען געגאַנגען אויף מערב פלעגען זיי אַרויפנעמען.

נאָענטע מיטאַרבעט האָט עקזיסטירט צווישען אַ צאָל אידישע, ניט־אידישע און אינטערקאָנפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין דעם ניט־אָקופּירטען פראַנקרייך, וועלכע האָבען זיך באַשעפטיגט מיט ברענגען הילף צו פליכטלינגע אין די אינ־טערניר־לאַגערן און אין די אַרבייטס־באַטאַליאָנען. די הילפס־פּראָגראַמען פאַר די לאַגערן פון „דזשאָינט", פון דער „יוניטאַריען סוירוויס קאָמיטי", „קוועיקערס", „אינטערנעשענאַל וואַי. עמ. סי. עי.", אַמעריקאַנער „רויטער קרייץ" און דער „סעקור סוויס" זיינען קאָאָרדינירט געוואָרען דורך דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פאַר הילף אין די לאַגערן.

דער „דזשאָינט" האָט עטליכע מאָל געגעבען געלט אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, צו דעם „אוניטאַרישען הילפס־קאָמיטעט" פאַר זיין מעדיצינישער הילפס־אַרבייט אין אָקופּירטען פראַנקרייך.

די „דזשאָינט"-באַוויליגונגען אין פראַנקרייך האָבען אין 1941 באַטראָפען דעם עקוויוואַלענט אין פראַנקען פון $885,000 און פון יאַ־נואַר ביז מאַי, 1942 — דעם עקוויוואַלענט אין פראַנקען פון $347,500.

# פּאָרטוגאַל

אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז ליסאַבאָן ווייטער געווען דער הויפּט־פּאָרט אין אייראָפּע, פון וואַנען שיפען מיט עמיגראַנטען זיינען אָפּגעפאָרען מעבר לים. די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט ווייטער פאָרגע־זעצט איר ליבעראַלע באַציאונג צו די פליכטלינגע, וואָס פלעגען פאַרברענגען אַ קורצערע אָדער לענגערע צייט אין פּאָרטוגאַל און וועלכע פלעגען אָנקומען פון יעדען טייל פון אייראָפּע — אָרגאַניזירט פון בערלין, וויען, פּראַג און בראַטי־סלאַוואַ; און סתם גרופּען פון פראַנקרייך, שווייץ, איטאַליע, יוגאָסלאַוויע און אונגאַרן.

עטליכע מאָל האָט די צאָל פון די פליכטלינגע זייער הויך געשטיגען אין פּאָרטוגאַל. די גרעסטע צאָל, וואָס איז געווען אין פּאָרטוגאַל אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָט באַטראָפען 12,000. דאָס איז געווען אין יאַנואַר, 1941.

אַרבייטענדיג דורך דעם אָרטיגען הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע, האָט דער „דזשאָינט" געהאַלטען זיין פאַרפליכטונג צו דער פּאָרטוגעזישער רעגירונג, אַז קיין פליכטלינג וועט ניט ווערען קיין לאַסט אויף דער געזעלשאַפט. דער קאָ־מיטעט פלעגט געבען פולע חיונה צו אַ דורכשניט פון אַרום 1,500 מענטשען. אָט־די צאָל פלעגט שטייגען אָדער פאַלען מיט דער פאַרגרעסערונג אָדער פאַר־קלענערונג פון דער פליכטלינג־באַפעלקערונג אין פּאָרטוגאַל. דער הילפס־קאָמיטעט האָט אָנגעפירט אַ געמיינדע־קיך און האָט באַזאָרגט די פליכטלינגע מיט מעדיצינישער שטיצע, קוואַרטירען און קליידער און זיי געהאָלפען אויף אַלערליי אַנדערע אופנים.

דאָס, וואָס די פליכטלינג־באַפעלקערונג אין פּאָרטוגאַל איז פאַרקלענערט געוואָרען פון 12,000 אין יאַנואַר, 1941, ביז 400 אין מאַי, 1942, איז אַ פאַרדינסט פונ'ם „דזשאָינט" פאַר זיינע באַמיאונגען צו געפינען פּערמאַנענטע היימען אויף יענער זייט ים פאַר אָט־די מענטשען.

די לאַגע אין פּאָרטוגאַל איז געווען אַזוי ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דעם פּראָבלעם פון עמיגראַציע, אַז מען מוז לייענען די אָפּטיילונג וועגען עמיגראַציע, כדי זי צו באַגרייפען פולשטענדיג. צום ביישפּיל אין מאַי, 1941, איז דער עמיג־ראַציע־שטראָם פון גרויס־דייטשלאַנד געווען אַזוי שטאַרק און אַזוי פיל פליכט־לינגע פלעגען אָנקומען אין אַ קורצער צייט, אַז עס איז נויטיג געוואָרען — אַ־חוץ די פונקציעס פון דעם אָרטיגען קאָמיטעט — צו עפענען אַ ספּעציעלע „דזשאָינט"־טראַנסמיגראַציע־ביוראָ אין ליסאַבאָן. אָט־די ביוראָ פלעגט אַראַנזשירען צייט־ווייליגע קוואַרטירען אין האָטעלען און פּאַנסיאָנען, באַזאָרגען דאָקטוירים אויף צו עקזאַמינירען די פליכטלינגע און געבען זיי די נויטיגע איינשפּריצונגען, אַראַנ־זשירען נויטיגע פאַרבינדונגען מיט דער פּאָרטוגעזישער פּאָליציי און פּאָרט בעאַמ־

טע, כדי צו ברענגען אַלע רייזע־פּאַפּירען אין אָרדענונג, און אַכטונג געבען אויף אַלע רייזע־קליינינקייטען.

כדי אויפצוהאַלטען איר נייטראַליטעט, האָט פּאָרטוגאַל געמוזט אָנהאַלטען אַ זעהר דעליקאַטע, פּאָליטישע גלייכגעוויכט אין אייראָפּע. פון צייט צו צייט אין משך פון אָט־דעם פעריאָד האָבען זיך צעטראָגען קלאַנגען, אַז פּאָרטוגאַל וועט באַלד אָקופּירט ווערען פון דער „אַקס", און אָט־די קלאַנגען האָבען אַרויס־גערופען זעהר גרויס נערוועזיטעט צווישען די פליכטלינגע. אָט־די לאַגע צו־זאַמען מיט דעם פאַקט, וואָס גרויסע צאָלען פליכטלינגע, וועלכע זיינען אַריינגע־קומען אין פּאָרטוגאַל אויף טראַנזיט־וויזעס, זיינען פאַרבליבען פיל לענגער, ווי מען האָט זיי ערלויבט, האָט געבראַכט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג אין יוני, 1941, צו באַשטימען די שטאָט קאַלדאס דא ריינהא, ווי אַ רעזידענץ־שטאָט פאַר פליכט־לינגע, וואָס האָבען אויסגעגאַנגענע וויזעס. אַ פאָרשטייער פון „דזשאָינט" האָט דאָרטען אַלץ איינגעאָרדענט פאַר די פליכטלינגע.

סוף מאַי, 1942, האָבען נאָך אַלץ נייע גרופען פליכטלינגע געהאַלטען אין אָנקומען קיין פּאָרטוגאַל, הויפּטזעכליך אַלס רעזולטאַט פון די באַמיאונגען פון „דזשאָינט" זיי אַריבערצוברענגען פון שפּאַניע, וואו אויסצוהאַלטען זיי האָט גע־קאָסט זעהר טייער.

פאַר רעליף צו די פליכטלינג־איינוואוינער ווי אויך פאַר די ספּעציע־לע נויטען פון דורכפאָרער־פליכטלינגע האָט דער „דזשאָינט" באַשטימט $179,800 אין 1941 און נאָך $49,600 אין משך פון די ערשטע 5 חדשים פון 1942.

## ש פּ אַ נ י ע

די פליכטלינג־פּראָבלעם אין שפּאַניע האָט זיך אַנטוויקלט שפּעט אין זומער פון 1940, ווען די אַטלאַנטישע פּאָרטען זיינען נאָכן פאַל פון פראַנקרייך געשלאָסען געוואָרען און טויזענטער פליכטלינגע פון דאָרט האָבען געמאַכט פאַרצווייפעלטע פאַרזוכען צו קומען אין די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע פּאָרטען. אָט־די, וואָס זיינען אַריבער די גרעניץ אומלעגאַל, זיינען אַרעסטירט געוואָרען און מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דעם שפּאַנישען קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מיראַנדא דעל עברא, ניט ווייט פון בילבאַאָ. אין 1941 האָט מען געשאַצט, אַז דאָרטען געפינען זיך אַרום 2,000 אידישע און ניט־אידישע פליכטלינגע.

זעהר ווינציג אידען וואוינען אין שפּאַניע, און די שפּאַנישע געזעצען ערלוי־בען ניט צו עטאַבלירען אידישע אָרגאַניזאַציעס פאַר קיין שום צוועק. דאָס האָט געמיינט, אַז דער „דזשאָינט" האָט דאָרטען ניט געקאָנט אָרגאַניזירען קיין אָרטיגען קאָמיטעט, ווי ער האָט אָרגאַניזירט אין אַנדערע פלעצער.

די גרעסטע טייל פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז דער „דזשאָינט" געווען געצוואונגען גליקליך צו האָבען די פּערזענליכע קאָאָפּעראַציע פון וויכטיגע

אַמעריקאַנער אין שפּאַניע, וועלכע האָבן פאַרוואַלטעט מיט דער פּאַרטיילונג פון די „דזשאָינט"־געלדער. צוזאַמען מיט די באַשטימטע חודש'ליכע געלדער, זיינען אין דעם אינטערניר־לאַגער אויך געשיקט געוואָרען שפּייז־פּעקלאַך און קליידער.

אין משך פון 1941 איז אויפגעקומען אין שפּאַניע אַן אַנדער טיפּ פּליכטלינג־פּראָבלעם, וועלכע האָט געשטאַמט דערפון, וואָס פיל פּראָספּעקטיווע עמיגראַנטען, וועלכע האָבן באַשטעלט טראַנס־אַטלאַנטישע רייזעס אויף שפּאַנישע שיפען, האָבן געמוזט זיך אויפזעצען אויף די שיפען אין שפּאַנישע פּאָרטען, און ווען, ווי עס טרעפט אַמאָל, די רייזעס האָבן זיך פאַרשפּעטיגט, זיינען די וויזעס פון אַ צאָל פּליכטלינגע אויסגעגאַנגען און די עמיגראַנטען האָבן געמוזט בלייבן אין שפּאַניע ביז זיי זיינען באַנייט געוואָרען. די מערסטע פון אָט־די מענטשען פלעגען באַלד, ווי זיי זיינען אָנגעקומען קיין שפּאַניע, בלייבן אָן אַ גראָשען, און דער „דזשאָינט" האָט זיי געמוזט אַרויסהעלפען. נאָך מעהר, דאָס אָפּלייגען פון דעם דאַטום פון אַ רייזע האָט געוועהנליך געפירט דערצו, אַז עס זאָלען אויסגיין אַ צאָל וויזעס אַזוי, אַז די פּאַסאַזשירען האָבן געמוזט איבערבלייבן ווען די שיפען האָבן זיך שוין אַרויסגעלאָזט אויף דער רייזע און, נאַטירליך, אָט־די מענטשען האָבן געמוזט אָנקומען צו רעליף ביז זייערע וויזעס זיינען באַנייט געוואָרען.

ווען די וויזע־אָפּטיילונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אין יוני, 1942, אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, לויט וועלכער עס איז באַגרעניצט געוואָרען די אימיגראַציע אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון פּליכטלינגע, וואָס האָבן נאָענטע קרובים ביים שונא אין לאַנד אָדער אין אָקופּירטע טעריטאָריעס, איז ווידער אַמאָל אַ גרויסע צאָל מענטשען, וואָס זיינען געהאַט אָנגעקומען קיין שפּאַניע און ערוואַרטעט דאָרטען צו קריגען וויזעס, געשטראַנדעט געוואָרען.

אָט־דאָס אַלץ האָט אָפּגעקאָסט און קאָסט נאָך איצט אָפּ זעהר אַ סך געלט, ווייל אין שפּאַניע איז דער יקרות זעהר גרויס און די פּליכטלינגע האָט מען גע־מוזט אויסהאַלטען אינדיווידועל און צאָלען פאַר זיי ווי פאַר טוריסטען, אַנשטאָט זיי אויסצוהאַלטען אין גרופּען, ווי מען טוט דאָס אין אַנדערע לענדער, וואו מען ערלויבט אָנצופירען מיט אָרגאַניזירטער הילפס־אַרבייט.

אָט־דער יקרות ערקלערט, פאַרוואָס דער „דזשאָינט" האָט געמוזט אויס־געבען אומגעוויינליך־גרויסע סומען ספּעציעל אין די ערשטע פינף חדשים פון 1942, כדי אויסצוהאַלטען אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינע צאָל פּליכטלינגע אין שפּאַניע. אַפילו טראַנסמיגראַנטען האָבן געדאַרפט פאַרברענגען פיר, פינף און זעקס וואָכען צייט אין שפּאַניע, און דאָס האָט אָפּגעקאָסט דעם „דזשאָינט" כמעט $20 אַ וואָך פער פּערזאָן.

די גאַנצע לאַגע אין שפּאַניע איז אַזאַ סענסיטיווע, אַז אַלסדינג האָט גע־מוזט געטאָן ווערען, כדי צו באַזאָרגען די פּליכטלינגע, אַ־ניט וואָלט מען זיי געוועזן

איינגעשפּאַרט אין טורמעס. צו באַפרייען אימיצען פון אַ שפּאַנישען אינטערניר־לאַגער איז פיל־פיל שווערער, ווי אין פראַנקרייך אָדער אין אַן אַנדער לאַנד.

פאַר אַ דורכשניט פון 300 פליכטלינגע, וואָס זיינען פאַרבליבען אין שפּאַניע אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, ווי אויך פאַר די 2,000 דורכפאָר־פליכטלינגע אין משך פון דער זעלביגער צייט, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט אַ סומע פון $151,000.

## די שווייץ

שוין פון לאַנג דער מקום־מקלט פון פאַרפאָלגטע מענטשען, האָט זיך די שווייץ געהאַלטען ביי אַ פּאָליטיק פון פריינטשאַפט צו די טויזענטער פליכטלינגע, אידישע און ניט־אידישע, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון נאַצי־אָקופּירטע לענדער.

אַרבייטענדיג דורך דעם שווייצאַרישען איזראַעליטישען געמיינדעבונד, האָט דער „דזשאָינט" אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, פאָרגעזעצט זיין ברייטע פּראָגראַם פון הילף צו די 2,200 פליכטלינגע אין דער שווייץ. אַריבער 1,500 האָבען געקראָגען זייער פולע חיונה, בעת נאָך 650, וועלכע האָבען זיך פאַרשריבען אין די פרייע אַרבייטס־לאַגערען, פלעגען קריגען צוגאָב־הילף אין דער פאָרם פון קליידונג, מעדיצינישער אויפפּאַסונג און קליין־געלט. די איבעריגע פליכטלינגע אין דער שווייץ האָבען געקראָגען ערלויבע־נישען אויף אַרבייט.

כאָטש די שווייצאַרישע אידישע געמיינדע איז קליין אין צאָל, האָט זי זיך פונדעסטוועגען שטענדיג אָפּגערופען אויסערגעוועהנליך ברייט־האַרציג אויף די נויטען פון די פליכטלינגע, וואָס זיינען אַהין געקומען. דערמיט האָט די גע־מיינדע אָפּגעשפּיגעלט די גלענצענדע ליבעראַליטעט פון דער שווייצאַרישער רעגירונג און פון דעם שווייצאַרישען פאָלק. אַפילו אין דעם יאָהר 1941, ווען די מיטלען פון דער אָרטיגער אידישער געמיינדע זיינען שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרען און די הוצאות אויף לעבענס־מיטעל האָבען געשטיגען אויף 40% און אויף 100%, האָט די שווייצאַרישע געמיינדע נאָך אַלץ באַזאָרגט איבער 70% פון די געלדער, וואָס זיינען געווען נויטיג צו העלפען די פליכטלינגע. דאָס איבע־ריגע, $150,500, אין משך פון דעם יאָהר 1941, האָט באַזאָרגט דער „דזשאָינט".

אָנפאַנג 1942 האָבען די אידען אין דער נייטראַלער שווייץ דערשפּירט, אַז זיי מוזען אויסגעבען זייערע פאָנדען אויף אַנדערע פאָרמען פון הילף אין אייראָפּע. דער „דזשאָינט" האָט דעמאָלט געמוזט אויף זיך נעמען די גאַנצע לאַסט צו העלפען די פליכטלינגע אין דער שווייץ. ער האָט פאַרגרעסערט זיין געלט־באַוויליגונג פון $7,500 ביז $40,000 אַ חודש.

אַ־חוץ די געלדער צו דעם צענטראַלען הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע, האָט דער „דזשאָינט" נאָך געגעבען $22,100 צו צוויי אינטערקאָנפעסיאָנעלע גע־זעלשאַפטען, וועמעס הויפט־קוואַרטירען געפינען זיך אין דער שווייץ: צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סטודענטען־אָרגאַניזאַציע און צום קאָמיטעט, וואָס באַזאָרגט פליכטלינג־פראָפעסיאָנאַלען מיט אַרבייט. די ערשטע אָרגאַניזאַציע האָט גע־שטיצט 300 סטודענטען; דער צווייטער קאָמיטעט האָט באַזאָרגט 500 פראָמינענטע געלעהרטע און וויסענשאַפטסלייט מיט שטעלעס.

פאַר דער שווייץ האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט אין 1941 — $150,500, און פון יאַנואַר ביז מאַי, 1942 — $218,000.

## צ פ ו ן – אַ פ ר י ק ע

אין אַלזשיר, טאַנזשיר און אין דער פראַנצויזישער מאַראָקאָ, וועלכע ליגען קעגענאיבער פראַנקרייך און שפּאַניע, אויף דער צווייטער זייט פון דעם מיטעל־לענדישען ים, האָבען זיך אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, אַנט־וויקעלט געוויסע פּראָבלעמען, אין וועלכע מען האָט אויפגעפאָדערט דעם „דזשאָינט", ער זאָל העלפען.

אַלזשיר: די וואויל־אָרגאַניזירטע אידישע געמיינדע פון אַלזשיר, וואָס ציילט 125,000 נפשות, האָט געפונען פאַר נויטיג זיך צו ווענדען צום „דזשאָינט" נאָך רעגעלמעסיגער שטיצע צום ערשטען מאָל אין משך פון 1941. די אויס־ברייטערונג פון די פראַנצויזישע אַנטי־אידישע געזעצען אויף אַלזשיר האָט געשאַפען זעהר אַ שווערע לאַגע. סוחרים, בעלי־מלאָכות, אינטעלעקטואַלען און אַנדערע גרופּען זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דער טעריטאָריע. 3,000 קלענערע אידישע באַאַמטע, מענטשען מיט פאַמיליעס, זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרען פון זייערע שטעלעס. די גאַנצע אידישע יוגענט האָט מען אויסגעשלאָסען פון די געזעלשאַפטליכע יתומים־אַנשטאַלטען, כמעט פאַר אַלע אידישע קינדער האָט מען צוגעשלאָסען די פאָלקס־שולען. דער אָרטיגער פּי־לאַנטראָפּישער קאָמיטעט, וואָס פלעגט אין דער פאַרגאַנגענהייט קענען אַליין באַ־זאָרגען אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפט, האָט זיך איצט געמוזט ווענדען צום „דזשאָינט".

אַ־חוץ דעם, איז דער קאָמיטעט אין אַלזשיר געווען געצוואונגען אָנצופירען אַ הילפס־פּראָגראַם לטובת די אידישע פליכטלינגע און די דעמאָביליזירטע פראַנצויזישע סאָלדאַטען פון דעם פרעמדען־לעגיאָן, וועלכע מען האָט געהאַלטען אין אַרבייטס־ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגערען. די אַרבייטס־לאַגערען — באגהארי, קאָלאָמב־בעכאַר, בוארפא און אַנדערע אין אַלזשיר און אין מאַראָקאָ, עקזאָטישע נעמען, וואָס זיינען איצט באַקאַנט צוליב דעם, וואָס מען פאַרבינדט זיי

מיט דער בויאונג פון דער טראַנס־סאַהאַראַ אייזענבאַן־ליניע — זיינען געווען די סאַמע פרימיטיווסטע, כמעט אָן שום שוץ קעגן דער מדבר־היץ.

צו העלפן דעם קאָמיטעט פון אַלזשיר דורכצופירן זיין צווייפאַכע פראָגראַם פון הילף צו די אָרטיגע אידען און צו די אידישע פליכטלינגע, האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט $18,000 אין משך פון דעם צייט־אָפשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ.

מיט אָט־דעם געלט, צוזאַמען מיט די געלדער געזאַמעלט אויפן אָרט, האָט דער קאָמיטעט עטאַבלירט אומזיסטיגע קיכען, געגעבען מעדיצינישע הילף און מזומן־געלט אויף רעליף; ער האָט באַזאָרגט מיט קליידער, קוואַרטירען און שולען 5,000 קינדער און ערוואַקסענע צווישען דער אָרטיגער באַפעלקערונג; ער האָט באַזאָרגט מיט קליידער, מעדיצינישער הילף, זון־ברילען און היטלען 1,200 אינ־טערנירטע און 800 ניט־אינטערנירטע פליכטלינגע.

ט אַ נ ז ש י ר און פ ר אַ נ צ ו י ז י ש ע מ אַ ר אָ ק אָ: אין אָט־די צוויי גע־גענטען, וואָס ליגען נאָענט צו אַלזשיר, האָט דער „דזשאָינט" געטראָגען אַ סך פון דער לאַסט צו שטיצען 1,500 פון די 2,500 פליכטלינגע פון אַ סך נאַציאָנאַליטעטען, וועלכע זיינען אַהין אַנטלאָפען פאַר און נאָך דעם פראַנצויזישען וואַפען־שטיל־שטאַנד. דורך די אָרטיגע הילפס־קאָמיטעטען האָט דער „דזשאָינט" געהאָלפען אין טאַנזשיר 266 פון די 300 פליכטלינגע; אין דעם פראַנצויזישען מאַראָקאָ — 500 פליכטלינגע אין די אַרבייטס־לאַגערן.

פאַר טאַנזשיר און פאַר דעם פראַנצויזישען מאַראָקאָ האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט פון יאַנואַר, 1941, ביז מאַי, 1942 — $34,000.

## ש ו ו ע ד ע ן

צוויי הילפס־פראָגראַמען, פינאַנצירט בשותפות פון דעם „דזשאָינט" און פון דער אָרטיגער אידישער געמיינדע, זיינען דורכגעפירט געוואָרען אין שווע־דען, דאָס איינציגע סקאַנדינאַווישע לאַנד, וואָס איז ניט געווען אונטער דייטשער הערשאַפט אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ.

די ערשטע פראָגראַם האָט אַרומגעכאַפט 600 פון די 2,000 פליכטלינגע אין דעם לאַנד ווי אויך די 400 קינדער, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון דייטשלאַנד נאָך די נאָוועמבער־פּאָגראָמען אין 1938. אָט־די קינדער האָט מען דאָרט אויסגעהאַלטען.

די צווייטע פראָגראַם, פאַר וועלכער דער „דזשאָינט" האָט באַוויליגט ספּע־ציעלע געלדער און וואָס ער האָט געשטיצט אין משך פון פיל יאָהרען, האָט אַ שייכות צו לאַנדווירטשאַפטליכער צוגרייטונג פון יונגע מענטשען איידער זיי עמיגרירען קיין פּאַלעסטינע. אַריבער 150 חלוצים האָבען גענאָסען פון אָט־דער הילף.

פאַר שוועדען האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט פון יאַנואַר, 1941, ביז מאַי, 1942 — $18,500.

# דער נאָענטער מזרח

ווען דער שיפס־פאַרקער פון אייראָפּע קיין פּאַלעסטינע איבער דעם מיטעל־לענדישען ים האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז טערקיי געוואָרען דער וויכטיגסטער טראַנזיט־פונקט פאַר פליכטלינגע, וואָס פלעגען פאָרען קיין ארץ־ישראל.

אין 1941 און אין אָנפאַנג 1942 האָט דער „דזשאָינט" ווייטער פאָרגעזעצט, ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, צו באַזאָרגען די מערסטע רייזע־הוצאות פאַר די אָרימע פליכטלינגע, וואָס זיינען געפאָרען קיין פּאַלעסטינע. אין דער זעלביגער צייט האָט דער אָרטיגער אידישער הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע אין טערקיי גענוצט דאָס געלט, וואָס דער „דזשאָינט" האָט צוגעשטעלט, אויף אויסצוטיילען רעליף צו אַרום 2,000 פליכטלינגע, וועלכע זיינען געשטראַנדעט געוואָרען אין טערקיי און האָבען געוואַרט אויף זייערע פּאַלעסטינישע סערטיפיקאַטען. דאָס געלט, וואָס דער „דזשאָינט" האָט אויסגעגעבען אויף עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע פאַר די פליכטלינגע אין טערקיי, איז פאַרציינכענט אין דעם קאַפּיטעל וועגען עמיגראַציע. די $17,500, דאָ פאַרצייכענט, זיינען געגאַנגען אויף רעליף.

אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָט מיט די פליכטלינגע אין טערקיי פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די אידען פון דער גאַנצער וועלט. מיר מיינען דאָ די פּאַסירונג מיט דער „שטרומאַ", וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דעצעמבער, 1941, בעת כמעט 800 רומענישע פליכטלינגע אויף דער שיף „שטרומאַ" האָבען פאַרוויילט עטליכע וואָכען צייט אין אַ טערקישען האַפען און האָבען געוואַרט דאָרט, ביז מען וועט פאַריכטען די שיף גענוג, כדי זי זאָל קענען דורכגיין די דאַרדאַנעלען קיין פּאַלעסטינע. דער „דזשאָינט" האָט געשיקט $10,000, אַז מען זאָל באַזאָרגען די פליכטלינגע מיט צוגאָב־שפּייז און מיט וואַסער אויף צו טרינקען, ווי אויך מיט קליידער און מעדיצינישער הילף בעת זיי זיינען געווען אין איסטאַנבול. דער „דזשאָינט" איז שוין געווען צוגעגרייט צו גיין נאָך ווייטער, ניט בלויז אין באַזאָרגען די פליכטלינגע מיט רעליף, נאָר אויך אין אַראַנזשירען די רייזע פון אָט־די אידען קיין פּאַלעסטינע. אַ שטענדיגער קאָנטאַקט איז אָנגעהאַלטען געוואָרען מיט דער אידישער אַגענטור מכח די מעגליכקייטען אויף אַריינלאָזען קיין פּאַלעסטינע די פּאַסאַזשירען פון דער „שטרומאַ". דער סוף איז געווען, אַז אויף דער שיף איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס עטליכע שטונדען נאָכדעם, ווי זי איז אָפּגעפאָרען פון איסטאַנבול און די מערסטע פּאַסאַזשירען אירע זיינען אומגעקומען.

אינ׳ם יאָהר 1942 איז אויפגעקומען אין פערסיע (איראַן), אַ גרויסע פליכטלינג־פּראָבלעם. בעת מיר שרייבען דעם באַריכט, געפינען זיך איבער 11,000 פּוילישע פליכטלינגע פון סיביר, צווישען זיי 800 אידען, אין טעהעראַן, און מען באַריכטעט, אַז נאָך 200,000 אַנדערע פליכטלינגע געפינען זיך אויף די קאַספּישע ברעגען און וואַרטען אויף אַ מעגליכקייט אַריינצוקומען.

אויף פסח פון דעם יאָהר 1942, האָט דער „דזשאָינט״ געשיקט $3,000, כדי צו קויפען מצות און אַנדערע פסח׳דיגע שפייזען פאַר די פליכטלינגע, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין פערסיע. דער „דזשאָינט״ האָט אויך אַריינגעשיקט די ערשטע $3,000 פאַר רעליף און רייזע־הוצאות פון פליכטלינגע, וואָס האָבען סערטיפיקאַטען פאַר פאַלעסטינע. אַרום דעם אָפשלוס פון דעם צייט־אָפשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָט דער „דזשאָינט״ זעהר ערענסט אַויפגענומען די פראַגע וועגען די נויטען אין פערסיע, וואָס האַלטען זיך אין איין פאַרגרעסערען. פלענער ווערען געמאַכט צו שיקען אַ פאַרשטייער קיין טעהעראַן און העלפען דאָרט אָרגאַניזירען די הילפס־טעטיגקייט.

די „דזשאָינט״־געלדער פאַר טערקיי האָבען אין 1941 באַטראָפען $10,000, און פון יאַנואַר ביז מאַי, 1942 — $7,500. פאַר פערסיע (איראַן) האָט דער „דזשאָינט״ אין 1941 באַוויליגט $500, און פון יאַנואַר ביז מאַי, 1942 — $3,000.

# קולטור - קאָמיטעט

דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען אויף יענער זייט ים, וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיג פאַר זייער עקזיסטענץ, ווי דער פיזישער וואוילזיין, איז אין משך פון דעם צייט־אָפשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, אָן אונטערברוך געשטיצט געוואָרען פון דעם „דזשאָינט״. דורך זיין קולטור־קאָמיטעט, וועלכער באַשטייט פון פאָרשטייער פון די דריי הויפט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען געגרינדעט דעם „דזשאָינט״ — „אַמעריקאַן דזשואיש רעליף קאָמיטי״, „סענטראַל רעליף קאָמיטי״ און „פיפלס רעליף קאָמיטי״ — האָט דער „דזשאָינט״ געשטיצט אַלערליי קולטור־רעליגיעזע ערציאונגס־אינסטיטוציעס. אין משך פון 1941 און די ערשטע פינף חדשים פון 1942 האָט דער „דזשאָינט״ באַזאָרגט 80 אינסטיטוציעס מיט $148,500.

אין פאַלעסטינע אַליין האָט דער „דזשאָינט״ געהאָלפען 65 אינסטיטוציעס, וועלכע פאַרמאָגען 25,000 תלמידים, פון קינדערגאָרטען און צוגרייט־שולען ביז ישיבות און סעמינאַרען, געהאָלפען דורכצוטראָגען אָט־די שלעכטע צייט, ווען אַלע קוואַלען פון אייראָפייאישער שטיצע, אויף וועלכער זיי פלעגען זיך ביז איצט פאַרלאָזען, זיינען אָפגעשניטען געוואָרען.

אַ גרויסע צאָל פליכטלינג־רבנים פון פוילען, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסט־רייך און טשעכאָסלאָוואַקיע זיינען אַנטלאָפען קיין פאַלעסטינע. אָרים און אָן מיטלען אויף צו לעבען, האָבען זיי אַפעלירט צום „דזשאָינט״ נאָך הילף. די קולטור־קאָמיטע פלעגט צושיקען געלט רעגעלמעסיג צו אַ ספעציעלען קאָמיטעט אין פאַלעסטינע אונטער דער פירערשאַפט פון דעם רב־הכולל, רבי יצחק הערצאָג און דר. יהודה ל. מאַגנעס, וועלכע האָבען געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבען געקענט, צו לינדערען די נויט פון אָט־דער ספעציעלער גרופע. אַ־חוץ דער פינאַנ־

ציעלער הילף און דער ספּעציעלער שטיצע צו די ניי־געגרינדעטע רעליגיעזע אינ־סטיטוציעס אין די צענטראל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער, האָט דער „דזשאָינט" זיי באַזאָרגט מיט פאַרשיידענע רעליגיעזע אַרטיקלען. גרויסע צאָלן סידורים און מחזורים, טעקסט־ביכער פאַר קינדער, ספרי־תורה, מגילות, תפילין, ציצית, שופרות, מזוזות, און נאָך אַנד. רעליגיעזע אַרטיקלען זיינען געשיקט געוואָרען אין די דרום־ און צענטראל־אַמעריקאַנער לענדער, וואו מען קען פשוט אַזעלכע זאַכען ניט קריגען. אַ סך דרום־אַמעריקאַנער אידישע געמיינדעס, וואו עס האָבען ניט עקזיסטירט קיין אידישע בית־עלמינס, האָבען אַפּעלירט צו פאַר־גרעסערען די סובסידיעס פאַר זיי, כדי זיי זאָלען קויפען לאַנד פאַר בית־עלמינס.

דעריבער גייען נישט אַריין די גרויסע סומען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט אויס־געגעבען אויף שטיצען די אַרום 1,000 עוואַקואירטע פוילישע רבנים, מלמדים, ישיבה־בחורים, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון פוילען קיין ליטע און פון דאָרטען אין דעם ווייטען מזרח, — די מעהרסטע פון וועלכע דער „דזשאָינט" האָט גע־האָלפען צו פאָרען קיין פּאַלעסטינע און אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט.

# לענדער פון שונא און אָקופּירטע לענדער

אין די לענדער, וואָס מיר רעכענען אויס אונטען, איז די גאַנצע דירעקטע שטיצע פונ'ם „דזשאָינט" צו די אידען אָפּגעשטעלט גע־וואָרען דעם 8־טען און דעם 11־טען דעצעמבער, 1941, ווען אַמע־ריקע האָט אָנערקענט, אַז עס עקזיסטירט אַ צושטאַנד פון קריג מיט יאַפּאַן, דייטשלאַנד און איטאַליע.

כאָטש די הילפס־פּראָגראַמען גייען אָן אויך היינט אין אַ סך פון אָט־די לענדער, און דער „דזשאָינט" האָט צוגעזאָגט אָפּצוצאָלען די חובות, ווען עס וועט זיין מעגליך אַזוי צו טאָן און דערביי ניט העלפען דעם שונא, איז אָבער אָט־די הילפס־אַרבייט אינגאַנצען אונטער דעם אויפזיכט פון אָרטיגע טוהער. ביוראָען פון „דזשאָינט" אין די פאַראייניגטע שטאַטען און אין אויסלאַנד האָבען ניט קיין שום פאַרבינדונג מיט די אָרטיגע קאָמיטעטען זינט אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

די הילפס־אַרבייט, וואָס ווערט פאַרצייכענט אונטען, איז געטאָן גע־וואָרען פון יאַנואַר, 1941, ביז דעם 7־טען דעצעמבער, 1941.

# פוילען

די געטאָס, מאַסען־אויסראָטונגען, פּאָגראָמען, הונגער, צוואַנגס־אַרבייט, ערנידערונגען און ברוטאַליטעטען — אָט־די טראַגעדיע פון די אידען אין פוילען איז צו־פיל באַוואוסט, אַז מען זאָל זי דאַרפען באַשרייבען גענוי.

פון׳ם אָנפאַנג 1941 ביז אַמעריקע איז אַריין אין קריג, האָט דער „דזשאָינט" באַזאָרגט די נויטליידענדע אידישע באַפעלקערונג פון דעם דייטש־אָקופירטען פוילען, דורך זיין ספּעציעלער „קלירינג"־סיסטעם מיט ‎.$972,000

דאָס איז אָבער בלויז איין זייט פון דער הילף, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געבראַכט צו אָט־די אומגליקליכסטע קרבנות פון היטלעריזם. די אינסטיטוציעס, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געהאָלפען עטאַבלירען און פאַרשטאַרקען אין משך פון 27 יאָהר פון זיין אַרבייט אין פוילען, זיינען געווען דער רוקען־ביין פון דער באַמיאונג, וואָס די מוטיגע פוילישע אידען האָבען געמאַכט צו העלפען זיך אַליין. די ערפאַרונג, איבערגעבענהייט און די ערפינדערישקייט פון די „דזשאָינט"־פאָרשטייער, וואָס אַ סך פון זיי האָבען געאַרבעט מיטן „דזשאָינט" אין פוילען אַ פערטעל יאָרהונדערט נאָכאַנאַנד, האָבען אויסגעשפּרייט דעם פאַרנעם און דעם ווערט פון דער „דזשאָינט"־הילף אַ סך ווייטער ווי די גרויס פון די געלדער, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געקאָנט באַשטימען אויף דער אַרבייט אין פוילען אין משך פון דעם יאָהר.

דאָס, אַפילו מעהר ווי געלט, האָט געהאָלפען צו קרעפטיגען דעם ווילען פון די פוילישע אידען צו לעבען.

אין משך פון דעם צייט־אָפשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז די הילף דורכגעפירט געוואָרען הויפּטזעכליך דורך אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען פאַרשטאַרקט און אויפגעהאַלטען געוואָרען דורכן „דזשאָינט": דער „טאָז" (אַ פעדעראַציע פון געזעלשאַפטען אויפצופאַסען אויפן אידישען געזונט); דער „צענטאָס" (אַ פעדעראַציע פון אינסטיטוציעס, וואָס פּאַסען אויף אויף קינדער); אידישע שפּיטאָלען; די פילע פאַך־שולען פאַר דער יוגענט; די אידישע שולען; די ישיבות און אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס; די קאָאָפּעראַטיווע און פרייע ליי־געזעלשאַפטען, וואָס כאָטש זייערע פאָנדען זיינען שוין געווען אויסגעגעבען, האָבען זיי אָבער געהאַט אַ מאַסע ערפאַרונג אין עקאָנאָמישער שטיצע און אין זעלבסט־הילף.

אונטער דער אויפזיכט פון אָט־די אָרגאַניזאַציעס איז אין פוילען עטאַבלירט געוואָרען אַ גאַנצע נעץ פון 650 באַשפּייז־צענטערען, 200 שפּיטאָלען, קליניקעס, סאַנאַטאָריומס און געזונטהייטס־סטאַנציעס; און הונדערטער פילאַנטראָפּישע צענטערען פאַר קינדער־אויפפּאַסונג — אַרום און אַרום 2,046 אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין 408 שטעט און שטעטלאַך.

אַן ערקלערונג וועגען בודזשעט, וואָס מען האָט צוגעשיקט צום „דזשאָינט"

פאַר „פּוירל האַרבאַר“ פון דער „אידישער סאָציאַלער זעלבסט־הילף“ אין קראקא, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז אָפּיציעל צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון די דייטשען אויף צו פירען די אידישע פילאַנטראָפּישע אַרבייט, האָט געוויזען, אַז פון 30% ביז 70% פון דער אידישער באַפעלקערונג דאַרפען אָנקומען צו מענטשען׳ס גאָב. דער בודזשעט פאָדערט גרויסע סומען צו פינאַנצירען די באַשפּייז־אַקציע לטובת די מענטשען, וואָס מען האָט אַרויסגעטריבען פון זייערע היימען און זיי געמאַכט פאַר אָרימעלייט.

אינ׳ם יאָהר 1941 האָט „צענטאָס“ פון דער „אידישער סאָציאַלער זעלבסט־הילף“ אויפגעפּאַסט יעדען טאָג אויף 30,000 קינדער. אַ־חוץ דער אַרבייט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרען דורך 26 אינסטיטוציעס און שולען, וואָס באַזאָרגען תלמידים מיט שפּייז, האָבען 880 צענטערען פאַר קינדער־אויפפּאַסונג געגעבען שטיצע צו 42,000 קינדער אין די גרעסערע שטעט. מען שאַצט, אַז צוליב דער כסדר וואַקסענדער אָרימקייט, וועט אין 1942 די צאָל קינדער, וואָס פאָדערען שטיצע, זיך פאַרגרעסערען אויף 50% לגבי דער צאָל, וואָס מען האָט געשטיצט אין 1941. די אַנדערע וויכטיגע קאַטעגאָריעס פון הילף זיינען געווען: באַזאָרגען קליידונג, אויסהאַלטען אינסטיטוציעס, מעדיצינישע הילף, פליכטלינג־הילף און קאָנסטרוקטיווע הילף, ווי אויפהאַלטען גמילות חסד־קאַסעס, צוגרייט־פאַרמס, פאַך־ און צוגרייט־קלאַסען.

זינט פוילען איז אָקופּירט געוואָרען פון די דייטשען, איז די מעטאָדע פון „דזשאָינט“ צו שיקען געלט און דערביי אויסמיידען פון שיקען דאָלאַרען אין יענע געגענטען געווען אַ מאָדיפיצירטע „קלירינג“, אויפן זעלביגען שטייגער, ווי מען האָט איינגעשטעלט פאַר דייטשלאַנד.

נאָכדעם ווי די דייטשען זיינען באַפאַלען און פאַרכאַפּט דאָס רוסיש־אָקופּירטע פוילען, אין משך פון דער לעצטער העלפט פון 1941, זיינען די נויטען פון די אידען אין יענע געגענטען באַזאָרגט געוואָרען פונ׳ם קאָמיטעט, וואָס האָט ביז דעמאָלט אָנגעפירט די אַרבייט אין דעם „גואווערנאַמענט זשענעראַל“. זייערע פאָדערונגען האָבען געהאַלטען אין איין פאַרגרעסערט ווערען ניט בלויז צוליב דעם, וואָס זיי האָבען איצט געמוזט העלפען עטליכע הונדערט טויזענט אידישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען אויפסניי פאַראומגליקט געוואָרען דורך דער מלחמה אין מזרח־פוילען, נאָר אויך דורך דעם אַריינשטראָמען פון פליכטלינגע, וואָס האָ־בען איינגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און אונגאַרן קיין פוילען אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ.

אַ־חוץ די פאַרזיכערונגען, וואָס דער „דזשאָינט“ האָט געגעבען איידער אַמעריקע איז אַריין אין קריג, אַז די חובות, וואָס מען וועט מאַכען אויף די ערטער אויף אָנצופירען די הילפס־פּראָגראַמען, וועלען אָפּגעצאָלט ווערען נאָך דער מלחמה, איז דער „דזשאָינט“ שטענדיג געווען אויף דער וואַך און געזוכט געלע־גענהייטען ווייטער פאָרצוזעצען און אויסצוברייטערען די הילף לטובת די אידען אין פוילען, ווי ווייט דאָס איז נאָר אין איינקלאַנג מיט די פאָרשריפטען און די

פּאָליסיס פון דער רעגירונג פון די פּאַראייניגטע שטאַטען. אונטער דער איצ־טיגער לאַגע ווערט דאָס פּראָבלעם קאָנטראָלירט דורך די הויפּט־פּאַקטאָרען פון די אינטערנאַציאָנאַלע, מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע באַדינגונגען.

## גרויס—דייטשלאַנד

אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, האָבען אַמווינציגסטען 84,000 אידען פאַרלאָזען די טעריטאָריעס, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס גרויס־דייטשלאַנד — 24,000 דורך עמיגראַציע און צום ווינציגסטען 60,000 דורך דע־פּאָרטאַציעס אויף מזרח. דאָס, וואָס די צאָל טויטע שטייגט איבער די צאָל געבוירענע, האָט אויך געהאָלפען צו פאַרקלענערען די אידישע באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד, עסטרייך, בעהמען און מעהרען, סלאָוואַקיע און לוקסעמבורג — ביז צו אַ מאַקסימום פון 305,000 אַרום מאַי, 1942. אינ׳ם יאָהר 1942 האָט מען פאַרטריבען אויף מזרח נאָך גרויסע צאָלען אידען, וויפיל אָבער ווייסט מען ניט.

אויף אַזאַ אופן איז אין משך פון די 10 יאָהר פון היטלער׳ס הערשאַפט פאָר־געקומען אַ פאַרקלענערונג אויף 67% צווישען די 919,000 אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין יענע לענדער אינ׳ם יאָהר 1933. 525,000 אידען, האָבען עמיג־רירט; די איבעריקע זיינען אָדער דעפּאָרטירט געוואָרען אָדער אויסגעשטאָרבען.

פיר הויפּט־דעפּאָרטאַציע־כוואַליעס זיינען פאָרגעקומען אין משך פון דער צייט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ — אין פעברואַר און מערץ, 1941, פון עסטרייך; אין אָקטאָבער, 1941, פון אַלט־דייטשלאַנד, עסטרייך און בעהמען־מעהרען; און אין מערץ און אַפּריל, 1942, פון סלאָוואַקיע.

די ערשטע צוויי דעפּאָרטאַציע־כוואַליעס האָבען אַרויסגערופען אַ פּאַנישע עמיגראַציע; די לעצטע צוויי זיינען פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען עמיגראַציע איז שוין ניט געווען מעגליך, ווארום אין אָקטאָבער, 1941, האָט דייטשלאַנד אָנ־גענומען אַ טאַקטיק נישט אַרויסצוגעבען מעהר קיין עקזיט־ערלויבענישען צו אידען — מענער, פרויען, יונג און אַלט. אין יענער צייט טאַקע זיינען אומ־צייליגע מענטשען בעסער באַגאַנגען זעבלסטמאָרד, איידער פאַרשיקט צו ווערען קיין פוילען אין פיה־וואַגאָנען, אָן סאַניטאַרישע איינריכטונגען, אָן וואַסער, און שפּעטער צו פירען דאָרט אַ שוידערליכע עקזיסטענץ. איניגע פלעגען ביינאַכט אַריבער די גרעניץ אין דערבייאיגע לענדער. קליינע קינדערלאַך, וואָס מען פלעגט טראָגען אין זעק, פלעגט מען געבען בראָנפען אָדער אַנדערע שלאָף־געטראַנקען, כדי זיי זאָלען שלאָפען און ניט מאַכען קיין גערויש ביים אַריבער־גייען די גרעניץ.

די אַנטי־אידישע קאַמפּאַניע אין משך פונ׳ם יאָהר 1941 איז געווען די סאַמע שוידערליכסטע נאָך די פּאָגראָמען פון נאָוועמבער, 1938. זי האָט זיך אויסגע־דריקט אין צווינגען אַלע אידען איבער זעקס יאָהר אַלט צו טראָגען אַ געלב־

און־שוואַרצען מגן־דוד, אין ליקווידירען אידישע געשעפטען, אין אָפּזונדערען, אין אַרויסטרייבען, אין פּלוצלינגע אַרעסטען און אין שטייערען, דורך וועלכע מען האָט עקספּראָפּריאירט דאָס גאַנצע פאַרמעגען; פאַרשיקען אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער איז נאָך אַלץ ביי די נאַציס געווען אַ ליבלינג־שטראָף. אידען האָבען געמוזט איבערגעבען זייערע היימען צו „אַריער", וועלכע זיינען געבלי־בען היימלאָז דורך באָמבאַרדירונגען פון ענגלישע פליער. ווי ווינציג שפּייז מען האָט ניט אויסגעטיילט צו די „אַריער", האָט מען צו אידען געטיילט נאָך ווינציגער. ביי יעדער אומגינסטיגער ווענדונג אין דער מלחמה, ווי למשל, נאָך דער באָמבאַרדירונג פון קאָלאָן אין מאַי, 1942, האָבען די נאַציס געסטראַשעט און טאַקע נקמה גענומען אָן די אידען.

אַזוי ווי די צאָל אַרבייטער האָט זיך אין דייטשלאַנד געהאַלטען אין איין פאַר־קלענערען, האָט מען טויזענטער אידען פאַרטריבען אין אַרבייטס־באַטאַליאָנען און זיי געמאַכט פאַר שקלאַפען. 70% פון זייערע ווייבער און קינדער האָבען געמוזט אָנקומען צו רעליף, וואָס די צענטראַלע אידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס אין בערלין, ווין, פּראַג און בראַטיסלאַוואַ האָבען אויסגעטיילט.

אין משך פון 1941 האָט מען געשטיצט 210,500 פּערזאָן. 150,000 האָט מען געגעבען שטיצע אין מזומן־געלט. אַרום 165,000 האָט מען באַזאָרגט מיט שפּייז אין די זופּ־קיכען אָדער מען האָט זיי געגעבען שפּייז־פּעקלאַך. אויף 26,000 קינדער האָט מען אויפגעפּאַסט. מעדיצינישע הילף האָט מען געגעבען צו 26,000 ערוואַקסענע מענטשען. אַרום 25,000 יונגעלייט און ערוואַקסענע, וואָס גרייטען זיך אפשר אומזיסט פאַר עמיגראַציע און פאַר אַ געלעגענהייט צו ווערען עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיג ערגעץ־וואו אין אַ ניי לאַנד, האָבען אויפגע־נומען צוגרייט־קורסען צו לערנען זיך אַ פאַך.

פון יאַנואַר ביז דעצעמבער, 1941, האָט דער „דזשאָינט" באַשטימט $528,500 אויף שטיצען די אידען אין גרוים־דייטשלאַנד (דייטשלאַנד, עסטרייך, בעהמען־מעהרען, סלאָוואַקיע און לוקסעמבורג). אָט־די געל־דער זיינען איבערגעשיקט געוואָרען דורך „קלירינג", כדי ניט צו העל־פען דער נאַצי־ווירטשאַפט.

פון די 24,000 אידען פון גרוים־דייטשלאַנד, וועלכע האָבען עמיג־רירט אין משך פון דעם יאָהר 1941, האָט מען אַרום 17,000 געהאָלפען זיך פון דאָרטען אַרויסצורייסען מיט דער שטיצע פון די „קלירינג"־אַראַנדזשמענטס פון „דזשאָינט".

# א ו נ ג אַ ר ן

דער גרעסטער אומגליק אין אונגאַריש־אידישען לעבען אין משך פון יאָהר 1941 איז געווען דער פּלוצלינגער באַשלוס צו דעפּאָרטירען אידען קיין גאַליציע, אין דרום־מערב־פּוילען. אין משך פון פינף וואָכען צייט, אין די חדשים יולי

און אויגוסט, האָט מען 18,500 אידען אַריבערגעוואָרפען איבער דער גאַליצישער גרעניץ אונטער די אוממענטשליכסטע באַדינגונגען. כאָטש די גאַליציאַנער אידען אַליין זיינען שטאַרק פאַראָרימט, פונדעסטוועגען האָבען זיי אויפגענומען אָט־די אידען מיט דער גרעסטער פריינטליכקייט און מען האָט זיך געטיילט מיט זיי אי מיט דעם אָרימען ביסען, אי מיט די שטרוי־מאַטראַצען. כמעט אַ העלפט פון די דעפאָרטירטע אונגאַרישע אידען זיינען אומגעקומען אין די עטליכע חדשים נאָך אָט־דעם אומגליק.

דעם „דזשאָינט" האָט זיך איינגעגעבען צו שיקען $6,000 שפּייז צו דער אונגאַריש־פוילישער גרעניץ, כדי זיי זאָלען האָבען כאָטש עטוואָס אויף מיט־צונעמען מיט זיך אַהין, וואוהין מען האָט זיי געטריבען.

כאָטש קיין נייע אַנטי־אידישע געזעצען האָט מען ניט אָנגענומען אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, זיינען אָבער פיל אַדמיניסטראַ־טיווע פאַראָרדנונגען דורכגעפירט געוואָרען אויף דעם סמך פון די אונגאַרישע אַנטי־אידישע געזעצען, און זיי האָבען פאַרביטערט דאָס אידישע לעבען. אומ־צייליגע יונגע אידען האָט מען אַרעסטירט אויף דער פּראָווינץ. אַקטיאָרען, זשור־נאַליסטען און מאָלער האָט מען אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס. אידישע הענדלער האָט מען פאַרבאָטען צו פאַרקויפען געוויסע פּראָדוקטען, מיט וועלכע די אונגאַרישע הענדלער וואָלטען געקאָנט האַנדלען, און אַ סך אַזעלכע ערנידערונגען האָבען פאַרביטערט דאָס לעבען פון די אונגאַרישע אידען.

אין דעם עקאָנאָמישען לעבען האָט מען „מאַגיאַריזירט" אידישע אונטער־נעמונגען באַזונדערס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואו מען האָט אַוועק־געשטעלט ניט־אידישע פאַרוואַלטער. אַרום סוף יאָהר 1942, גלויבט מען, וועט שוין אין דער אונגאַרישער אינדוסטריע ניט בלייבען קיין איין אידישער אָנגעשטעלטער.

אין די אַמאָליגע קאַרפּאַטען און סלאָוואַקישע געגענטען, וואו עס האָבען געוואוינט 140,000 אידען, און אין טראַנסילוואַניע, וואו 160,000 אידען האָבען געוואוינט, איז די לאַגע געוואָרען באַזונדערס שווער. דאָס קאַרפּאַטישע אידענ־טום, וואָס איז זעהר פרום, עקזיסטירט פשוט דורך אַ נס. צווישען אָט־די אידען איז געווען אַ פיינער עלעמענט פון האַרעפּאַשנע מענטשען, פאַרמער, האָלץ־אַרבייטער, שמידען, מענטשען וואָס האָבען געאַרבייט אין די זאַלץ־גרובען. אָט־די אַלע מענטשען זיינען אונטערן דרוק פון די אַנטי־אידישע געזעצען אַרויס־געשטויסען געוואָרען פון אַרבייט. די אידען פון טראַנסילוואַניע, וואָס איז אַמאָל געווען אַ טייל פון רומעניע, נאָר איז אַריבער צו אונגאַרן אַלס די ווינער באַלוינונג פון אויגוסט, 1940, האַלטען אין איין פאַלען עקאָנאָמיש אַלץ נידעריגער און נידעריגער — צוליב די אַנטי־אידישע געזעצען, וואָס ווערען דיקטירט אָדער פון בודאַפּעשט אָדער פון איר הויפּט־שטאָט קאָלאָשוואַר (קלוי).

מיט די „דזשאָינט"־געלדער, וואָס האָבען באַטראָפען $141,000 (אי־בערגעשיקט דורך „קלירינג") און וואָס שטעלען מיט זיך פאָר אַ היבשע

טייל פון דעם בודזשעט, האָט דער צענטראַלער אונגאַרישער הילפס־קאָמיטעט פאַר די אידען דורכגעפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע הילפס־פּראָגראַם אין בודאַפּעשט און אין דער פּראָווינץ.

איבער 2,000 פּליכטלינגע אין אונגאַרן האָט מען באַזאָרגט מיט מזומן־געלט אויף רעליף, מיט מעדיצינישער הילף, אָדער מיט אַ פּלאַץ אין שפּיטאָלען און מיט קליידער; דאָס אַלץ אויף אַ סומע פון $42,000. פאַר די איבעריגע 2100 פּליכטלינגע אין 16 פּליכטלינג־לאַגערען אין אונגאַרן האָט דער קאָמיטעט אויסגעגעבען $140,500. אָט־די געלדער זיינען געגאַנגען ניט בלויז אויף חיונה, נאָר אויך אויף די נויטיגע סאַניטאַרישע איינריכטונגען, געביידעס א. אַז. וו.

אויף שטיצען די פאַראָרימטע אידען אין די קאַרפּאַטען, מאַרמאַראָש־שיגעט, אויבער־אונגאַרן און טראַנסילוואַניע, האָט מען אויסגעגעבען $87,000 אין 1941. דאָס געלט איז אַוועק אויף קויפען וואַגאָנען שפּייז און אויך אויף אויפהאַלטען באַשפּייז־צענטערען פאַר קינדער. אַרום 1,650 אידישע לעהר־אינגלאַך אין די זעלביגע געגענטען האָט מען געשפּייזט און געקליידט און באַזאָרגט מיט אַ היים און שולונג, וואָס האָט אַרום און אַרום אָפּגעקאָסט $41,000. נאָך $22,000 האָט מען אויסגעגעבען אויף לאַנדווירטשאַפטליכער און אינדוסטריעלער צוגרייטונג אין אַנדערע טיילען פון אונגאַרן. דאָס איז געווען זעהר וויכטיג, כדי צו ערמעגליכען אידישע פאַמיליעס זיך צו באַזאָרגען מיט חיונה. די שטיצע צו טויזענטער אַרבייטסלאָזע אידען אין בודאַפּעשט האָט געפאָדערט אויסגאַבען פון $105,000.

## ר ו מ ע נ י ע

דעם פאָר־טעם פון יענע צרות, וואָס זיינען געלעגען אָנגעגרייט פאַר זיי אין דעם צעפליקטען רומעניע, האָבען שוין די אידען געהאַט פאַרזוכט סוף יאַנואַר, 1941, בעת דעם טעראָריסטישען פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין בוקאַרעסט און האָט מיט זיך געבראַכט נאָכוויהעניִשען אויך אין דער רומענישער פּראָווינץ מיט פיל מערדערייען און מיט דער צושטערונג פון אַ סך אידישע פאַרמעגענס. די „דזשאָינט"־געלדער האָבען געהאָלפען ווידער איינצושטעלען די צעראַבירטע קראָמען; מיט עטליכע חדשים שפּעטער האָבען זיי שוין, ווי ניט איז, ווייטער פונקציאָנירט.

אין יוני, 1941, נאָכדעם ווי די דייטשען זיינען אַריין קיין רוסלאַנד, האָט אויך רומעניע אָנגעהויבען געהן אויף אוקראַינע פון בעסאַראַביע און האָט אָנגעטאָן גרויס שאָדען אין יענע געגענטען, וואָס זיינען געדיכט באַפעלקערט פון אידען. מען שאַצט, אַז אין יולי האָט מען אַרום 7,000 אידען געהרג'עט אין מזרח־רומעניע, באַזונדערס אין יאַסי. אין דער זעלביגער צייט האָט זיך אָנגעהויבען אַ מאַסען־דעפּאָרטאַציע קיין דרום־רומעניע פון יאַסי. אין אַ פאַרמאַכטען וואַגאָן,

וואו מען פלעגט פירען קאַלסיום־קאַרביד (אַזאַ סמ׳יגער כעמישער שטאָף), האָט מען אַריינגעשפּאַרט אידען און זיי ערגעץ געפירט. ווען דער וואַגאָן איז אָנגעקומען אויפ׳ן אָרט, זיינען שוין אַלע 800 אידען געווען דערשטיקט אויף טויט.

אין אָקטאָבער, 1941, האָט מען 45.000 אידען — מענער, פרויען און קינדער — דעפּאָרטירט פון בוקאָווינע און בעסאַראַביע אין דעם דייטש־אָקופּירטען רוסלאַנד. מען האָט איינגעשטעלט געטאָס אין טשערנאָוויץ און קישינעוו.

דעם „דזשאָינט״ס הילפס־פּראָגראַם אין רומעניע האָט זיך אויסגעדריקט אין שטיצען שולען, שפּיטאָלען, ישיבות און סעמינאַרען. אַ־חוץ דעם פלעגט דער „דזשאָינט״ רעגעלמעסיג שטיצען איין גרויסע אינדוסטריעלע שול און אַ טעכנישע שול. היימען פאַר לעהר־אינגלאַך האָבען דאָרט אויך פונקציאָנירט מיט די הילפס־מיטלען פון „דזשאָינט״.

די זומער־ און ווינטער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, וואָס פלעגען אין רומעניע אויסגעהאַלטען ווערען פון „דזשאָינט״ אין משך פון אַ סך יאָהרען, האָט מען געמוזט אויפגעבען אין 1941 צוליב די באַגרעניצונגען פון דער רעגירונג.

אַפילו אין דעם יאָהר 1941, ווען דאָס אידישע עקאָנאָמישע לעבען אין רומעניע האָט געהאַלטען שנעל אין אויסגעוואָרצעלט ווערען, האָבען די 80 קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען פריער געהאַט געגרינדעט געוואָרען דורך דער אַמעריקאַנער „פאַונדיישאָן״, אַן אַפיליאירטע „דזשאָינט״־אָרגאַניזאַציע, ווייטער פונקציאָנירט. די הלואות, וואָס מען האָט אויסגעטיילט צו די אידישע סוחרים פון אָט־די „פאַונדיישאָן״־קאַסעס, האָבען געבראַכט אַזוי פיל נוצען צו די רומענישע אידען, אַז זייער ווערט קען מען גאָרניט אָפּשאַצען.

די העלדישע פירער פון דער „דזשאָינט״־אַרבייט אין רומעניע, באַזונדערס דר. ווילהעלם פילדערמאַן, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דעם הילפס־קאָמיטעט אין בוקאַרעשט, זיינען געווען אַקטיוו אין דער הילפס־אַרבייט און אין איינשטעלען זיך ביי דער רומענישער מאַכט, כדי צו לינדערען די אַנטיסעמיטישע געזעצען. אַ דאַנק פילדערמאַנ׳ס בקשות, זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרען די דעפּאָרטאַציעס קיין רוסלאַנד נאָכדעם, ווי מען האָט געהאַט אַרויסגעשיקט 45,000 אידען.

אין 1941 האָט דער „דזשאָינט״ באַוויליגט פאַר רומעניע $60,000.

## יוגאָסלאַוויע

ביז דעם טראַגישען ערשטען זונטאָג אין אַפּריל, ווען די דייטשע באָמבאַרדעאויף בעלגראַד האָט צושטערט די יוגאָסלאַווישע אומאָפּהענגיגקייט און געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל איינשטעלען צוויי באַזונדערע שטאַטען — סערביע און קראָאַציע — אונטער דעם קאָנטראָל פון דער „אַקס״, זיינען די 68,000 אידען פון יוגאָסלאַוויע באַהאַנדעלט געוואָרען ליבעראַל און זיי זיינען געווען פינאַנציעל אומאָפּהענגיג.

מיט דער פינאַנציעלער הילף פון „דזשאָינט" איז אין בעלגראַד און זאַגרעב אָנגעפירט געוואָרען אַ ברייטע הילפס־פּראָגראַם לטובת די 7,000 פליכטלינגע. דער באַרימטער לאַגער אין קלאַדאָוואַ, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען דורך דער בעלגראַדער אידישער געמיינדע און אויסגעהאַלטען געוואָרען מיט די „דזשאָינט"־געלדער, איז געווען אַ מאָדעל־לאַגער. דאָרטען האָבען זיך געפונען 1,100 פליכטלינגע, וועלכע זיינען געהאַט געשטראַנדעט געוואָרען אויף זייער וועג קיין פּאַלעסטינע. געווען דאָרטען פינף קלענערע לאַגערען צעשפּרייט איבער יוגאָסלאַוויע, וואו פליכטלינגע האָבען געלעבט אונטער מענטשליכע באַדינגונגען.

נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען אַריינגעדרונגען אין יוגאָסלאַוויע, זיינען אַמווינציגסטען 30,000 פון די 68,000 יוגאָסלאַווישע אידען אַנטלאָפען אין די דערבייאיגע לענדער. פון די 30,000 אידען, וואָס זיינען איבערגעבליבען נאָכדעם, ווי מען האָט איינגעשטעלט די צוויי שטאַטען, סערביע און קראָאַציע, זיינען 23,000 אידען געבליבען אין קראָאַציע, און 7,000 אין סערביע.

אַרום סוף 1941, זיינען אַמווינציגסטען אַ העלפט פון די 7,000 אידען פון סערביע געווען צווישען די לאָיאַלע סערבען, וועמען די דייטשען פלעגען רעגעל־מעסיג אַרויספירען אין די וועלדער אַרום בעלגראַד און דערשיסען. אַ סך פון די איבערגעבליבענע מענער און פרויען זיינען אַנטלאָפען אין די בערג פון דרום־סערביע.

אין קראָאַציע זיינען די אידען אין גרויסע מאַסען געלאָפען אויף דרום צו אַלבאַניע און צום דאַלמאַטישען ברעג. זיי זיינען דאָרט אַריין אין דעם וויסטען געגענט פון זאַלץ־גרובען, וואָס איז באַקאַנט ווי ליקא, וואו מען האָט אַ סך פון זיי געצוואונגען צו טאָן צוואַנגס־אַרבייט. די 7,000 אידען, וואָס זיינען איבער־געבליבען ניט־ווייט פון זאַגרעב, זיינען אַרום סוף יאָהר 1941, אינטערנירט גע־וואָרען אין דריי הויפּט־לאַגערען, וואו די באַדינגונגען זיינען געווען אומגלויבליך שלעכט און שמוציג.

אַרום סוף יאָהר 1941, זיינען ניט אין קראָאַציע און ניט אין סערביע איבער־געבליבען אידען ביי וואָסערע־ניט־איז געשעפטען. די מערסטע פון זיי האָט מען אַרויסגעטריבען פון זייערע היימען און געצוואונגען איבערצולאָזען זייער מעבעל און אַלץ, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט.

ביז די דייטשען זיינען אַריינגעדרונגען אין יוגאָסלאַוויע אין אַפּריל, 1941, האָט דער „דזשאָינט" איבערגעשיקט אַהין $42,500 אויף אויסצו־האַלטען די פליכטלינגע. נאָכדעם האָט דער קאָמיטעט אין זאַגרעב ערהאַלטען שטיצע דורך דעם איטאַליענישען הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע אויף אַ סומע פון $33,000 און דער קאָמיטעט פון בעלגראַד האָט געקראָגען $18,000. נאָך $16,000, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען דורך דעם איטאַליענישען הילפס־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע, איז אַוועק אויף פליכטלינג־הילף אין סלאָווענים, וואָס איטאַליע האָט אַנעקסירט.

# איטאַליע

די לאַגע פון די 7,000 פּליכטלינגע אין איטאַליע אין משך פון דעם צייט־אָפּשניט, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, איז רעלאַטיוו־געררעדט ניט געענדערט געוואָרען. אָבער פאַרן איטאַליעניש־אידישען קאָמיטעט זיינען געשטאַנען נייע פּראָבלעמען אַלס רעזולטאַט פון דעם, וואָס איטאַליע האָט פאַרכאַפּט אַ טייל פון יוגאָסלאַוויע. נאָך 500 פון די 2,500 יוגאָסלאַווישע פּליכטלינגע אין סלאָווענייע און דאַלמאַציע האָבען זיך געווענדעט צום קאָמיטעט, אַז ער זאָל זיי שטיצען.

מיט די $100,400, וואָס דער „דזשאָינט" האָט באַשטימט פאַר דעם איטאַליענישען הילפס־קאָמיטעט פאַר פּליכטלינגע, האָט מען געשטיצט כמעט 2,200 ניט־אינטערנירטע פּליכטלינגע אין איטאַליע, און מען האָט נאָך געקענט באַזאָרגען צוגאָב־הילף אין דער פאָרם פון קליידער, מעדיצינישע הילף און קליין־געלט פאַר נאָך 2,000 פּליכטלינגע, מערסטען מענער, וואָס זיינען געווען אינטערנירט. די צוגאָב־סומע פון $16,000, וואָס דער „דזשאָינט" האָט באַוויליגט אויף העלפען די יוגאָסלאַווישע פּליכטלינגע, האָט געגעבען אַ מעגליכקייט אָט־די אויסגעוואָרצעלטע אידען ווי־ניט־איז צו עקזיסטירען.

די איטאַליעניש־אידישע געמיינדע, וואָס איז באַדראָט, וואָס וויטער אַלץ שטאַרקער, מיט אַנטי־אידישע געזעצען, האָט ווינציג־וואָס געקאָנט אויפטאָן פאַר די פּליכטלינגע. איבער 7,000 איטאַליענישע אידען אין די ליבעראַלע פּראָפעסיעס און אין דער אינדוסטריע זיינען באַרויבט געוואָרען פון דער מעגליכקייט צו פאַרדינען אויף חיונה.

די 500 פּליכטלינגע, וואָס האָבען פאַרבראַכט צוויי יאָהר צייט אויף דעם אינזעל רהאָדעס, נאָכדעם ווי זייער שיף, „פּענטשאָ", איז אונטערגעגאַנגען אויפן וועג קיין פּאַלעסטינע, זיינען טראַנספּערירט געוואָרען שפּעט אין 1941 קיין איטאַליע, וואו זיי זיינען אינטערנירט געוואָרען צוזאַמען מיט אַנדערע פּליכטלינגע.
אין 1941 האָט דער „דזשאָינט" באַוויליגט פאַר איטאַליע $100,400.

# דער ווייטער מזרח

ביז די יאַפּאַנעזער האָבען פאַרוואַנדעלט טיילען פון דעם ווייטען מזרח אין חורבות און געבראַכט פּלוצלינגען טויט אויף זיי, זיינען שאַנכאַי, יאַפּאַן און די פיליפּין־אינזלען געוואָרען וואָס ווייטער אַלס וויכטיגער ווי רעטונגס־פּלעצער, צייט־ווייליגע און אויך באַשטענדיגע, פאַר פּליכטלינגע. די פּליכטלינג־באַפעלקערונג אין שאַנכאַי האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 22,000. יאַפּאַן האָט שוין פאַרמאָגט אַ פּליכטלינג־באַפעלקערונג פון 4,500, וועלכע זיינען געקומען און אָפּגעפאָרען; די פיליפּין־אינזלען האָבען געהאַט 1,200 פּליכטלינגע, וואָס האָבען זיך שוין געהאַט פאַרוואָרצעלט אין דער ווירטשאַפט פון די אינזלען. אין אַלע דריי

געגענטען האָט מען אויף דעם „דזשאָינט״ זיך פאַרלאָזט, אַז ער זאָל שטיצען די פליכטלינגע.

אין מאַי, 1942, זיינען די 30,000 אידען, איינשליסענדיג די אָרטיגע אידישע געמיינדעס אין אָט־די דריי געגענטען, שוין געווען געפאַנגען ביי יאַפאַן. אין שאַנ־כאַי, וואו דאָס פּראָבלעם איז געווען דאָס סאַמע קריטישסטע, איז די פליכטלינג־הילף נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אונטער די אַראַנדזשמענטס, וואָס דער „דזשאָינט״ האָט געמאַכט נאָך פאַר דער מלחמה פאַר אַלע אָקופּירטע לענדער.

אינ׳ם יאָהר 1941 האָט דער „דזשאָינט״ באַוויליגט פאַר שאַנכאַי — $371,650; פאַר יאַפּאַן — $153,150; און פאַר די פיליפּין־אינזלען — $12,700.

## ש אַ נ כ אַ י

אָנפאַנג 1941, האָט שאַנכאַי געהאַט איבער 20,000 פליכטלינגע פון אַ צענדלינג לענדער פון אייראָפּע. אַ גרויסע צאָל פון אָט־די אידען האָבען גע־מוזט אָנקומען צו מענטשענס־גאָב. זיי האָבען זיך אינגאַנצען פאַרלאָזט אויף דעם אָרטיגען פליכטלינג־קאָמיטעט, אַז ער זאָל זיי באַזאָרגען יעדען טאָג מיט שפּייז, מיט אַ קוואַרטיר, מיט קליידער און מיט אַנדער הילף, אין וועלכער מענטשען נויטיגען זיך יעדען טאָג. אין משך פון דעם יאָהר 1941, זיינען אַרום 1,300 פליכטלינגע, הויפּטזעכליך מזרח־אייראָפּייאישע אידען, טראַנספּערירט געוואָרען פון יאַפּאַן קיין שאַנכאַי.

אויף צו העלפען די צוויי גרופּען, האָט דער „דזשאָינט״ באַוויליגט פון יאַנואַר ביז דעצעמבער, 1941, אַ סומע פון $371,650. מיט אָט־די געלדער האָט מען געשטיצט אַרום 16,000 פּערזאָן. אַריבער אַ העלפט פון אָט־דער צאָל פלעגט מען באַזאָרגען מיט שפּייז יעדען טאָג; אַנדערע קריגען מעדיצינישע הילף, בילדונג פאַר זייערע קינדער, פּלאַץ אין שפּיטאָלען, עקאָנאָמישע שטיצע אָדער אַ מעגליכקייט זיך צו לערנען אַ מלאָכה אין אַ פאַך־שול. עטליכע טויזענט פליכטלינגע האָבען געלעבט אין קאָלעקטיווע קוואַרטירען. אַנדערע, וועלכע האָבען געלעבט אויסער די אַלגעמיינע באַראַקען, פלעגען קומען אין די געמיינדע־קיכען נאָך זייערע מאָלצייטען.

אין פרילינג פון דעם יאָהר 1941 האָט געשיינט, אַז אַ היבשע צאָל פון אָט־די פליכטלינגע אין שאַנכאַי וועלען קענען עמיגרירען אין לענדער, וואו זיי וועלען זיך קענען באַזעצען אויף שטענדיג. דער „דזשאָינט״ האָט דערפאַר געשיקט אַן אַמעריקאַנער פאָרשטייערין צו פאַרשנעלערען אָט־דעם פּראָצעס. נאָכדעם איז צו איר אָנגעקומען אַ צווייטער אַמעריקאַנער צו העלפען דעם קאָמיטעט אין די פילע פּראָבלעמען, וועלכע זיינען אויפגעקומען אַלס רעזולטאַט פון דעם שטראָם פון מזרח־אייראָפּייאישע פליכטלינגע, וואָס זיינען אַהין אָנגעקומען.

אַט־די ביידע פאַרשטייער זיינען געבליבען אויף זייערע פּאָסטענס נאָך דער אַטאַקע אויף „פּוירל האַרבאָר“, און בעת דער באַריכט ווערט געשריבען, פירען זיי נאָך אַלץ אָן זייער אַרבייט דאָרטען. לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס האָט דער־גרייכט צום „דזשאָינט“, וויזט אויס, אַז זיי זיינען געווען ערפאָלגרייך אין באָרגען אויפן אָרט אַן עקוויוואַלענט פון ‎$180,000‎, וואָס לויט די „דזשאָינט“־באַוויליגונגען אויף ‎$30,000‎ אַ חודש, וועט דאָס זיין גענוג אָנצופירען די אַרבייט זעקס חדשים צייט. דער „דזשאָינט“ האָט זיך אונטערגענומען אָפּצוצאָלען אָט־די סומע נאָך דער מלחמה.

## י אַ פּ אַ ן

ווען אַרום סוף יאָהר 1940, האָבען עמיגראַנטען פון מיטעל־ און מזרח־אייראָפּע אָנגעהויבען זיך צו באַנוצען מיט דעם טראַנס־סיבירישען וועג, כדי צו אַנטלויפען אין דער מערב־העלפט פון דער וועלט. איז יאַפּאַן געוואָרען דער צענטראַלער פונקט פון זעהר אַ קאָסטליכער הילפס־פּראָגראַם.

אַרום 4,500 פּליכטלינגע זיינען דורכגעגאַנגען דורך יאַפּאַן אין איין יאָהר צייט. איניגע פון זיי האָבען פון דאָרט עמיגרירט, כמעט גלייך, ווי זיי זיינען אָנגעקומען, קיין קובאַ. אַנדערע אָבער האָבען געמוזט וואַרטען אַזוי לאַנג, ווי זעקס חדשים צייט. אָט־די פּליכטלינגע, וואָס די מערסטע פון זיי האָבען ניט געהאַט קיין גראָשען ביי דער נשמה, האָט דער הילפס־קאָמיטעט אין קובאַ, וועל־כער איז פינאַנצירט געוואָרען אויסשליסליך פון׳ם „דזשאָינט“, געמוזט אויסהאַל־טען. אַ־חוץ באַזאָרגען די פּליכטלינגע מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, מיט קליידער, שפּייז און מעדיצינישער הילף, האָט דער קאָמיטעט פון קובאַ אויך באַצאָלט דעם לאַנדונגס־אָפּצאָל, אייזענבאַן־הוצאות און הוצאות פאַר אָפּשיקען דעם באַגאַזש.

די פּליכטלינג־פּראָבלעם אין יאַפּאַן איז ליקווידירט געוואָרען אַרום סעפּ־טעמבער, 1941, דורך דעם, וואָס מען האָט טראַנספּערירט אויף דער אויפפאָדע־רונג פון דער יאַפּאַנעזישער מאַכט, די 1,300 פּליכטלינגע, וואָס זיינען דאָרט גע־בליבען, קיין שאַנכאַי.

## ד י  פּ י ל י פּ י ן — א י נ ז ל ע ן

ביז דער יאַפּאַנעזישער אַטאַקע איז דאָס פּליכטלינג־לעבען אויף די פּיליפּין־אינזלען געפלאָסען פרידליך. די מערסטע פּליכטלינגע אין מאַנילאַ און אין די אַרומיגע שטעט האָט מען ביים אָנפאַנג יאָהר 1941 געהאָלפען זיך שטעלען עקאָ־נאָמיש אויף די פיס. פון צייט צו צייט, אין משך פון דעם יאָהר, פלעגען אָנקו־מען נייע פּליכטלינגע. איניגע זיינען געבליבען, אַנדערע זיינען געפאָרען ווייַ־טער אין די לענדער פון דער מערב־העלפט פון דער וועלט.

מיט דער שטיצע פון ‎$12,700‏, וואָס דער „דזשאָינט״ האָט באַזאָרגט, האָט דער פליכטלינג־קאָמיטעט אין מאַנילאַ אויסגעהאַלטען 750 פליכט־לינגע, זיי געגעבען עקאָנאָמישע שטיצע און מעדיצינישע אויפפּאַסונג.

מען ווייסט ניט קיין זאַך וועגן דעם גורל פון דעם קאָמיטעט, נאָכדעם ווי די יאַפּאַנעזער האָבען באַזיגט מאַנילאַ. אויב ער עקזיסטירט נאָך אַלץ און פירט אָן זיין אַרבייט, איז דער „דזשאָינט״ גרייט גוט־צו־מאַכען די חובות, וואָס מען וועט מאַכען דאָרטען, כדי צו פינאַנצירען אָט־די הילפס־אַרבייט.

# דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטי, אינק.

## אויסגאַבען פון אָקטאָבער, 1914, ביז דעם 31־טען דעצעמבער, 1941, לויט לענדער און טעריטאָריעס

| | סך הכל | פון אָקטאָבער, 1914, ביז דעם 31־טען דעצעמבער, 1940 | דאָס יאָהר 1941 |
|---|---|---|---|
| אַביסיניע | $15,207.57 | $15,207.57 | — |
| אונגאַרן | 1,162,025.34 | 1,021,025.34 | $141,000.00 |
| אויסטראַליע, בורמאַ און ניי־זעלאַנד | 22,000.00 | — | 22,000.00 |
| אורוגוואַי | 46,400.00 | 25,900.00 | 20,500.00 |
| איראַן (פּערסיע) | 39,217.37 | 38,717.37 | 500.00 |
| איטאַליע, איינשליסענדיג רהאָדעס | 476,233.34 | 375,823.34 | 100,410.00 |
| אַלבאַניע | 15,215.20 | 15,215.20 | — |
| אַלזשיר, טוניס, מאַראָקאָ | 17,000.00 | 9,000.00 | 8,000.00 |
| אַלעקסאַנדריע, עגיפּטען | 58,851.55 | 58,851.55 | — |
| אַרגענטינע | 35,000.00 | 33,225.00 | 1,775.00 |
| באַלטישע פּראָווינצען | 58,872.33 | 58,872.33 | — |
| באָליוויע | 355,300.00 | 257,500.00 | 97,800.00 |
| בולגאַריע און אָקופּירטע טעריטאָריע פון סערביע | 46,036.48 | 46,036.48 | — |
| בעלגיע | 1,149,772.33 | 1,149,772.33 | — |
| בראַזיל | 312,836.11 | 203,545.82 | 109,290.29 |
| גריכענלאַנד, טערקיי, סערביע, סיריע | 1,366,178.70 | 1,366,178.70 | — |
| גריכענלאַנד | 100,903.38 | 93,403.38 | 7,500.00 |
| דאָמיניקאַנער רעפּובליק | 32,062.67 | 7,221.00 | 24,841.67 |
| דאַנציג | 157,369.25 | 157,369.25 | — |
| דזשאַמייקאָ | 50,000.00 | — | 50,000.00 |
| דייטשלאַנד | 5,732,448.25 | 5,513,698.25 | 218,750.00 |
| דענמאַרק | 8,777.92 | 8,777.92 | — |
| האַיאיטי | 17,520.00 | 8,625.00 | 8,895.00 |
| האָלאַנד | 1,285,504.43 | 1,236,804.43 | 48,700.00 |
| האָנדוראַס | 6,750.00 | 3,750.00 | 3,000.00 |
| טשילי | 116,833.00 | 79,333.00 | 37,500.00 |
| טערקיי | 828,836.38 | 818,836.38 | 10,000.00 |
| טשעכאָסלאָוואַקיע, בעהמען און מעהרען, סלאָוואַקיע | 1,881,405.61 | 1,766,405.61 | 115,000.00 |
| טרינידאַד, בריטישע וועסט אינדיעס | 9,050.00 | 6,250.00 | 2,800.00 |
| יאַפּאַן | 285,537.23 | 132,387.23 | 153,150.00 |
| יוגאָסלאַוויע | 276,662.87 | 166,962.87 | 109,700.00 |
| כינע | 667,757.50 | 296,107.50 | 371,650.00 |
| לאַטוויע | 533,597.57 | 533,597.57 | — |
| לוקסעמבורג | 116,818.90 | 90,818.90 | 26,000.00 |
| ליטע | 1,733,150.03 | 1,591,150.03 | 142,000.00 |
| מאַוריציוס | 4,000.00 | — | 4,000.00 |
| מאַראָקאָ (טאַנזשיר) | 11,632.52 | 2,132.52 | 9,500.00 |
| מעקסיקאָ | 12,733.58 | 4,733.58 | 8,000.00 |
| נאָרוועגיע | 3,000.00 | 3,000.00 | — |
| סאַאַר | 1,985.05 | 1,985.05 | — |
| סיביר | 477,768.37 | 477,768.37 | — |
| סיריע | 52,076.02 | 52,076.02 | — |
| עסטאָניע | 4,270.80 | 4,270.80 | — |
| ענגלאַנד | 89,711.01 | 87,311.01 | 2,400.00 |
| עסטרייך און אונגאַרן, איינשליסענדיג גאַליציע (פאַר 1920) | 2,881,591.10 | 2,881,591.10 | — |
| עסטרייך | 3,356,477.35 | 3,187,727.35 | 168,750.00 |

| | סך הכל | פון אקטאבער, 1914, ביז דעם 31־טען דעצעמבער, 1940 | דאס יאהר 1941 |
|---|---|---|---|
| פאלעסטינע | 8,927,245.76 | 8,914,745.76 | 12,500.00 |
| פאנאמא | 38,191.15 | 37,463.65 | 727.50 |
| פאראגוואי | 702.54 | 402.54 | 300.00 |
| פארטוגאל | 268,472.08 | 88,672.08 | 179,800.00 |
| פוילען, ליטע און קורלאנד (פאר 1920) | 11,543,198.37 | 11,543,198.37 | — |
| פוילען | 18,673,034.27 | 17,701,034.27 | 972,000.00 |
| פערו | 13,528.40 | 11,950.00 | 1,578.40 |
| פאראייניגטע שטאטען | 1,098,553.59 | 1,098.553.59 | — |
| די פיליפינען | 62,876.29 | 50,203.76 | 12,672.53 |
| פינלאנד | 22,750.00 | 16,750.00 | 6,000.00 |
| פראנקרייך | (א) 3,069,155.70 | 2,184,375.70 | 884,780.00 |
| צענטראל־אייראפע | 388,451.53 | 388,451.53 | — |
| קאלאמביא | 10,942.10 | 2,942.10 | 8,000.00 |
| קאנאדא | 20,000.00 | 20,000.00 | — |
| קאסאבלאנקא | 15,500.00 | 1,000.00 | 14,500.00 |
| קאסטא ריקא | 4,283.52 | 4,028.50 | 255.02 |
| קובא | 480,706.70 | 433,990.09 | 46,716.61 |
| קיוראסאא | 33,231.60 | — | 33,231.60 |
| קעניא (אפריקע) | 7,100.00 | 7,100.00 | — |
| רומעניע | 3,520,447.92 | 3,460,447.92 | 60,000.00 |
| רוסלאנד (פאר 1920) | 4,000,300.00 | 4,000,300.00 | — |
| רוסלאנד און אוקראינע | 17,539,408.05 | 17,539,408.05 | — |
| די שווייץ | 1,066,609.08 | 916,099.08 | 150,510.00 |
| שוועדען | 13,500.00 | 1,500.00 | 12,000.00 |
| שפאניע | 126,662.81 | 93,162.81 | 33,500.00 |
| פליכטלינגע פון דער שיף „סעינט לואיס” | 500,000.00 | 500,000.00 | — |
| געאגראפיש ניט קלאסיפיצירט | (ב) 7,885,639.69 | 6,798,823.31 | (ד) 1,086,816.38 |
| אמעריקאן דזשאינט רעקאנסטראקשאן פאונדיישאן | 1,918,034.06 | 1,918,034.06 | — |
| קאמיטעטן פאר קולטורעלער ארבייט: | | | |
| „דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטי” | 223,460.36 | 195,860.36 | 27,600.00 |
| „אמעריקאן דזשואיש רעליף קאמיטי” | 663,966.50 | 647,902.75 | 16,063.75 |
| „סענטראל רעליף קאמיטי” | 1,929,994.93 | 1,900,534,93 | 29,460.00 |
| „פיפלס רעליף קאמיטי” | 688,643.41 | 680,767.16 | 7,876.25 |
| אדמיניסטראטיווע און פונקציאנערע באדינונג: | | | |
| ניו־יארק עקזעקוטיוו־אפיס | (ג) 2,685,548.49 | 2,340,548.49 | 345,000.00 |
| ס ך  ה כ ל | (ה) $113,352,516.01 | $107,387,216.01 | $5,965,300.00 |

פון 1933 אן האט דער „דזשאינט” ניט איבערגעשיקט קיין דאלארען קיין דייטשלאנד אדער אין אן אנדער לאנד, וואס איז שפעטער אנעקסירט אדער פארכאפט געווארן פון דייטשלאנד.

(א) — שליסט איין דעם „היצעם” ביז סוף 1936 אין דער סומע פון $227,127.32. אינ'ם יאהר 1937 ביז סוף יאהר 1941 זיינען די צאלונגען דורך דעם „היצעם” איינגעשלאסען געווארן אין די רעספעקטיווע לענדער.

(ב) — שליסט איין דעם „ארט”, אייראפע און רוסלאנד, און די „אזע” ביז'ן סוף 1935, די אידישע „וועלפעיר באארד”, דעם אמעריקאנער „רויטען קרייץ”, דעם „עמויר־דזשענסי”־קאמיטעט פאר אידישע פליכטלינגע, פארשיידענע אויסגאבען צוליב דער דייטשער „עמוירדזשענסי” א. א. וו. און די אייראפייאישע אפעריר־אויסגאבען.

יאה־ע 1 שליסען איין די „אינפארמיישאן און קאמיוניטי
יק רעליישאנס” א' א. וו.

־אציע־אויסגאבען, וועלכע קענען נישט פארטיילט

ז פון $831,396.12 פאר אדמיניסטראטיווע אויס־
עלע טעטיגקייטען און פאר דער איבערווייזונג־
־ן די פרטים, וואס ווערען איינגעשלאסען דערין,
.1929